קלאַראַ שטיינבערג

# אויף בראַזיליאַנישן באָדן

וואונדערע טײערע פרײנט יוזי און ע-
לעאנדע — מײן ערשטלינג-בוך: „אויף בראזיליאנישן
באָדן"
קלארא שטיינבערג

# אינהאלט:

## ערשטע טייל:



## צווייטע טייל:

אין יענע טעג פון חודש מאי, ווען די רעליגיעזע סעקטע: „עספּיריטאָ סאנטאָ" אָרדנט איין א מאָלצייט פאר אָרעמע איז אין קלויסטערל זייער טומל-דיק. דאָס קלויסטערל וואָס פוסטעוועט א גאנץ יאָר, ווערט דעמאָלט ווי אויפ-סניי געבוירן און זאפט איין אין זיך לעבנס-קראפט ביזן קומענדיקן חודש מאי.

ערב דעם לאנג-דערווארטעטן יום-טוב, זיינען שוין די הויכע מויערן ארום, דער אריינגאנג און די גאס באלאגערט פון אָרעמע, וואָס ווארטן אויף צוגע-זאָגטע צעטלען. מאָרגן, פארטאָג, וועט מען באקומען אויף זיי א קילאָ פלייש מיט ברויט.

אין די אינעווייניקסטע טיילן פונעם קלויסטערל קהלן זיך קאָמיסאָנס-מיט-גלידער — אממערסטן פארמעגלעכע פּאָרטוגעזער, קצבים. פארשוויצטע, צע-כראסטעטע, האלטן זיי אין איין אונטערשרייבן צעטלען, אנדערע ווידער נעמען איבער די צעטלען צו פארטיילן צווישן עולם; צוריקוועגס העלפט מען אראָפּנע-מען דאָס ברויט, וואָס ווערט צוגעפירט אויף צוויי רעדלדיקע שטופּ-וועגעלעך; מ'לויפט איינער פארן צווייטן, מ'איז אויפגעלייגט, צופרידן — מאָרגן וועט מען אָנהאָדעווען די „באָרוועסע" שלעפער, וואָס ציען זיך שוין אין רייען איבער עטלעכע גאסן.

פון דרויסן דערהערט זיך א נייער הו-האַ! — פונעם שעכט-הויז האָט מען געבראכט געקוילעטע בהמות; די מענטשן-מאסע וואָס פארפלייצט די גאס און שטערט דעם אריינגאנג, רירט זיך, ווערט לעבעדיקער, פּרעסט זיך ענגער צוזא-מען און מאכט וועג פאר די פארבלוטיקטע טרעגערס, וואָס שלעפּן אויף די אקסלען האלב-ווארעמע זייטן פלייש, פון וועלכע עס זעצט נאָך א פּארע.

די קאָמיטעט-מיטגלידער מיט זייערע נאָענטע און אָנגעשטעלטע, נעמען פאר זיך די גאנצע מצוה, פון אויסטיילן דאָס פלייש און ברויט אין באזונדערע פּעקלעך. די גאנצע ארבעט מוז אָפּגעטאָן ווערן איבער נאכט; ווען ס'הייבט אָן בלויען אויף טאָג, נעמט מען זיך שוין שטופּן און רייסן דעם טויער.

פאַרקאַטשעט חברה די אַרבל, א שפּיי אוועק אויף צוויי מעטער ווייט, א שאַרף דאָס מעסער, דאָס זעגל און עס האַקן שוין העק, ס'טרעשטשן ביינער, ס'שפּריצט מיט בלוט. ווערט די אַרבעט פונמאָל-צומאָל באַנעצט מיט א היפּש גלעזל בראָנפן, אויפגעמונטערט מיט א פעטן קצבישן וויץ.

* * *

אָרעמע לייט פון נאָענטע און ווייטערע געגנטן, קוויקן זיך שוין א צייט און האַלטן אין איין שפּייזן זייערע הונגעריקע קינדער, מיט האָפנונגען אויפן זאַטן, גליקלעכן טאָג.

שוין פון האַלבער נאַכט, האָבן זיך אָנגעהויבן ציען אין דער ריכטונג צום קלויסטערל אָפּגעריסענע אין שמאַטעס איינגעהילטע מענטשן-סילועטן. פון פאַר־שידענע עקן זיינען זיי אָנגעקומען: פון די בערג, פון די קעלערס, פון הינטער די מויערן. אַלע האָבן זיך געצויגן צו איין ציל, מיט איין פאַרלאַנג — ברויט, פליייש!

פונעם „קאָלעקטיוון" קעלער, ווו הינטער אָפּצוימונגען פון שמוציקע שטיק־לעך זעק, עס „וווינען" צענדליקער פאַמיליעס, זיינען אַלע נאָך ביינאַכט אוועק צום קלויסטערל. פאַרשפּעטיקט האָט דער אַלטער זשאַקים מיט זיין אייניקל עדא. דער אַלטער איז שוין א צייט קראַנק און וואַלגערט זיך גאַנצע טעג אין זיין ווינקל אויפן בינטל שמאַטעס. דאָס פּנים איז אים פאַרגעלט און געפּאַלדעוועט אין דער ברייט און אין דער לענג אין טיפע קנייטשן, און אין יעדן קנייטש פון־נעם איינגעשרימפּענעם פּנים לייענט זיך א טראַגישע געשיכטע, א וויי־געשריי וואָס הונגער און פּיין האָבן דאָרט אָפּגעשטעמפּלט; זיינע אויסגעלאָשענע אויגן אונטער די רויטע דעקלעך, קוקן אויף דער וועלט מיט שטומען צער, דער גאַנ־צער אויסזען דערציילט וועגן ביטערן גורל וואָס איז אויסגעפאַלן אויף זיין חלק.

זיין אייניקל עדא, איז נאָך קיין צוויי יאָר נישט אַלט געווען, ווען איר מו־טער, מיד ווערנדיק זיך צו פּייניקן, האָט אַ שפּיי געטאָן אונדזער וועלט אין פּנים, אויסטרינקנדיק א פלעשל ליזאָל.

קיין פאָטער האָט די קליינע נישט געקענט. דער נאַסער קעלער האָט זי דערצויגן. א דאַר שטיקל ברויט, א ביסל שוואַרצע פאַסאָליעס, וואָס שכנים האָבן פאַר רחמנות צוגעשאַרט, און ווייטער וואָס ס'איז געקומען צו די הענט — א פּוילע באַנאַנע פונעם מיסט־קעסטל און פאַר א נויט — קאַלעך און זאַמד פון די פייכטע קעלער־ווענט. — עדא איז נישט געווען קיין איבערקלייבערן. אויב איר

מאָגן, האָט צו ערשט אויסגעבראָכן אין א שארפן פּראָטעסט און זי אויסגעוואַל־גערט איבערן קעלער אין קאָנוואַלסיווע קראמפּן — איז וואָס?...

ווי אלץ אין לעבן פּאסט זיך צו צו די געשאפענע באַדינגונגען, איז אזוי די קליינע געוואקסן, ווי א בלוטלאָז און שוואך בלימל אויף אומבאמיסטיקטער ערד. גיין האָט זי ערשט אָנגעהויבן צו דריי יאָר. ביז דעמאָלט איז זי ארומגע־קראָכן צווישן די שמאטעס אין קעלער. אין די ווינקלען פארקערטע שטיקלעך ציבעלעס; פּאפּשוי־זערנעס, וואָס האָבן אין יענער פייכטקייט אמאָל באוויזן אויפ־צובליען אין העל גרינע שפּראָצונגען, זיינען געווען די איינציקע אנטציקונג, די פרייד, מוטערלעכע צערטלעכקייט, די לופט און זון־שטראלן פאר דער קליינער עדא, מיטן ארויסגעסטארטשעטן בייכל און אויסגעקרימטע פיסלעך.

* *

*

יענער פארטאָג איז געווען א קויטיקער, א גרויער; הארט ביים האָרי־זאָנט, איינגעהילט ווי אין א געדיכטן שלייער, האָט ערשט אָנגעהויבן דורכשלאָגן זיך די אויפגייענדיקע זון; דער גאנצער ארום איז געווען פארנעפּלט, בלויז די בערג־שפּיצן, האָבן ווי מיט א בלייפעדער אנגעווארפן, זיך געצייכנט אין לייכטע שטריכן.

צוויי פּאָר באָרוועסע פיס האָבן זיך געשלעפּט אראָפּ פונעם בארג, פון איין שטיין אויפן צווייטן, ביז צו די אויסגעקרימטע ליימענע טרעפּלעך. איין פּאָר פיס — יונגע, דארע אויסגעקרימטע; די אנדערע — אלטע, ביינערדיקע, מיט צעפּלאָסענע פינגער. זיי האָבן איבערגעלאָזט הינטער זיך בלעכענע און היל־צערנע, האלב איינגעפאלענע באראקאָנדלעך, קרומע געסלעך און גאסן ווו דאָס לעבן האָט שוין אָנגעהויבן זיין טאָג־טעגלעכן גערודער. טראמווייען אָנגעפּי־קעוועטע האָבן געהאלטן אין איין פירן „הענט" אין פאבריק און צום ווארשטאט.

„מירן פארשפּעטיקן" — האָט זיך געכאפּט דער אלטער און גענומען שלעפּן דאָס אייניקל, אָבער זיינע קראַנקע פיס, האָבן זיך אָפּגעזאָגט אים צו פאָלגן און ער איז אָפּגעקומען בלויז מיט א טיפן זיפץ און מיט א האסטיקערן קלאפּן מיטן שטעקן.

דערוויל איז דער פארטאָגיקער נעפּל זיך צעשוווּמען, דער הימל אויסגע־לייטערט און די בראזיליאנער זון האָט זיך פריילעך צעשיינט. עדא האָט די גאנצע צייט זיך געהאלטן אין איין ארומקוקן מיט פארחידושטע בליקן: ס'ערשטע מאָל אז זי האָט געזען אזעלכע גלייכע, מיט ביימער באזעצטע גאסן, אזעלכע קינדער,

וואָס האָבן איר אויסגעזען, ווי אויסגעפּוצטע ליאַלקעס. עס האָבן זיך צעפינטלט אירע אויגן און געבליבן הענגען אויף בלומען אין א דערבייאיקן גאָרטן ביי א הויז; בלומען האָט זי געזען דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן און האָט נישט געקענט זיך אָפּרייסן פון די צאַרטע ליליעס, סאַמעטענע טיי-רויזן און הימל-בלויע „פאַר־געס מיך נישט". די לעצטע מיט געלע אייגעלעך, פּונקט ווי זיי זאָלן ווינקען, רעדן צו איר הערצל, און וועקן דאָרט פאַרגעסענע געפילן, געפילן פון מאַמישער צערטלעכקייט.

דער אלטער האָט באַטראַכט זיין אייניקל, א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און זיפצנדיק שווער, האָט ער זי ווייטער געשלעפּט.

די גרויסע פּראָסע ווו דאָס קלויסטערל געפינט זיך, קאָכט און רוישט, איז פאַרפלייצט פון מאָדנע, האַלב-נאַקעטע, מיט שמאַטעס באַדעקטע באַשעפענישן. אַמערסטן פרויען און קינדער. די לופט איז אָנגעפּולט מיט א פאַרדומפּענעם, טוכלע ריח, וואָס זיי האָבן פאַרשלעפּט פון זייערע נאָרעס, א ריח פון קיינמאָל נישט געוואַשענעם שוויים און ברוד.

צופעליק פאַרבייגייענדיקע, רוקן זיך אָפּ אין א זייט מיט עקל און שרעק. איינהאַלטנדיק דעם אָטעם, פאַרקערעווען זיי אין א זייטיקער גאַס. אייניקע פאַרלאַנגזאַמען די טריט, באַטראַכטנדיק די אויסגעהונגערטע, צעשויבערטע אָרעמקייט, ווי קרבנות פון מענטשלעכער אומגערעכטיקייט; זיי דערפילן דער־ביי א באַשולדיקונג פונעם אייגענעם געוויסן, בלייבן שטיין א ווײַלע, אָבער עס דערשרעקט זיי דער געדאַנק — „וואָס וועט זיין ווען די שעה פון נקמה וועט קומען?" דער געדאַנק יאָגט זיי נאָך, אז דער טאָג וועט סוף כל סוף אַמאָל קומען.

ביים טויער ווו די פּעקלעך ווערן אויסגעטיילט, איז אַזאַ מענטשן געדראַנג, פּשוט דערשטיקט צו ווערן. אז מ'עפנט אויף א ווײַלע דעם טויער, וואַרפט זיך איינער אויפן צווייטן פאַרקניפּנדיק אַן ענגן קנויל, וואָס ווערט מיט כוח אריינ־געשליידערט אויף יענער זייט. ערשט דאָרט צעפּלאָנטערט ער זיך.

בשעת'ן שטופּן זיך האָט מען א קינד שיר נישט דערשטיקט. אויף איי־נער א פרוי איז דאָס קליידל אָפּגעריסן, און זי האַלט אין פאַרלעגנהייט אין איין פאַרדעקן מיט די הענט דאָס אַנטבלויזטע לייב. א שוואַרץ ייִנגל שלעפּט מען אוועק אין א האַלב פאַרחלשטן צושטאַנד, און ביי אַן אַלטיטשקער וואָס איז קוים אַרויס מיטן לעבן, זיינען אין געדרענג אַרויסגעשלעפּט געוואָרן די האָר־נאָדלען און זי קען זיך נישט אייגענען מיט די לאַנגע פלעכטלעך וואָס קריכן איר איבערן געריינצלטן, מיט שוויים אָפּגעגאָסענעם פּנים.

זשאַאקים זעט שוין פון ווייטנס, אז נישט ער וועט זיך היינט דערשטופּן, שפּארט ער זיך צו אויף דער פּראסע און שיקט די קליינע פּרוּוון ס׳מזל.

א שכנה זייערע וואָס טראָגט שוין אהיים א פול קיישל, שפּעט פון איר:

— איצט האָט זיך עס דערמאָנט!... אויב דו וועסט זיך נישט דערשטופּן שוין מאלפּע, איז אינגאנצן פארפאלן — מעגסט זיך אונטערוואַשן מיט די צעטלען...

דער געדאנק אז זי קען פארלירן די איינציקע געלעגנהייט צו קריגן ברויט, טאקע אמתדיק פּריש ברויט... פליישׂ... אָט דער דראָענדיקער געדאנק גיט צו דער קליינער א מין מאָדנע, אומנאטירלעכן כוח, וואָס טראָגט זי ווי א וויכער; געפּרעסט פון אלע זייטן — מ׳זידלט, מ׳לאכט, מ׳וואַרפט מיט איר הין און צוריק און זי דורכגעווייקט פון שווייס רייסט זיך, שטופּט מיט די דארע הענטלעך, עס טראָגט זי איין ווילן: ארויפקלעטערן אויפן דערבייאיקן מויער, און פון דאָרט וועט זי שוין דערלאנגען צום הער, וואָס ביים טויער און אים געבן אירן און דעם זיידנס צעטלען.

זי האָט אירס דערגרייכט! — צעדראפּעט, פארבלוטיקט, צעריסן אויף זיך די שמאטעס, אָבער זי איז אויפן מויער און שטופּט דעם פּאָליציי-מאן די פּאַפּירלעך אין דער האנט.

דער אָרדנונג-היטער, באטראכט זי און קערט זיך אָפּ מיט עקל. זיין פּנים קנייטשט זיך שפּאָטיש:

— ביז איצט ביזטו געשלאָפן... שיינע פּריצה!... טשעפּע זיך אָפּ — טרייבט ער זי — איבעראיאַר, „סי דעום קיזער!" *)

עדא איז פונעם ענטפער ווי פארשטיינערט געוואָרן און רירט זיך נישט פונעם פלאץ. אין אויסגעשטרעקטן הענטל פלאטערן די צעטלען:

— ברויט! פליישׂ!

א קאמיסאָנס-מיטגליד, מיט א בלעכענעם צייכן אויף דער ברוסט, וואָס שטייט אויך דערנעבן, מעסט זי אָפּ מיט די אויגן און גיט א שפּיי אין איר זייט:

— אזא אָנשיקעניש!...

---

*) „סי דעוס קיזער" — מיט גאָטס הילף.

און די קליינע עדא רירט זיך נישט פונעם אָרט. א ווינטל פון די ביימער איבערן מויער דרייט, וויקלט ענגער די אָפּגעפּליקטע שמאטעס אויף איר, ציי־גנדיק בולטער דאָס גרויסע בייכל, די אויסגעדרייטע, דארע פיסלעך; דאָס ווינטל שויבערט די נישט צעקעמטע האָר און די צעטלען אין אויסגעשטרעקטן הענטל פלאטערן:

— ברויט!... פלייש!...



„דאָ איז פֿאַרבאָטן צו שלאָפֿן!"

שבת אויפדערנאכט, רווישן מיט לעבן די הויפט-גאסן פון ריאָ דע זשאנייראָ. „סינעלאַנדיע", וואס איז קינסטלעריש פארפלאנצט מיט פילפארביקע בלומען און גראָזן און זעט אוים ווי אויסגעשפרייט מיט פערסישע טעפעכער, איז איצט שווער דורכצוגיין; אלע בענק זיינען באזעצט מיט א יום-טובדיקן עולם — אמערסטן איינוווינער פון די ארומיקע ים-געגנטן, וואָס ווארטן מ'זאָל עפענען די טירן פונעם „מוניציפאל-טעאַטער".

א פריש-ים-ווינטל צעטרייבט די היץ, קילט און גלעט; דער מיקראָפאָן, הויך פון צווישן ביימער-צווייגן לעבן א ראדיא-אפאראט, צעטראָגט די צארטע טענער פון שובערטס „אווע מאריאַ". אקעגנאיבער — פון די סינעמאס און פיל שטאָקיקע געביידעס-שימערירן, צינדן און לעשן זיך, רעקלאַמעס און קאָלירטע עלעקטרישע ליכט; אויפן שווארץ-גאלנציקן אספאלט-וועג, וואס ציט זיך איבער דער לאנגער „אווענידא צענטראל", פון רעכטס און פון לינקס, מיט אלארמירנ-דיקע סיגנאלן, יאָגן אויטאָמאָבילן.

אראָפּ מיט דער צענטראל גאס, אין דעקאָרירטע שוי-פענצטער, שפילן מיט רויט-בלוי און געלבלעכן גלאַנץ, גרויסע „שאמפיין" בריליאנטן איינגעפאסט אין פּלאטין; אין אנדערע פענצטער — קאָסטבארע געשליפענע קריסטאל-וואזעס, קונסט-שניצעריי אין העלפאנט-ביין, בראָנדזענע סטאטועטקעס; ווייטער — דראפירטע זיידן-שטאָפן אין פארשידענע שאטירונגען. אין ראָג וואָס פירט שוין אין א צווייטער גאס, האָט א מעבל-אייגנטימער אויסגעשטעלט אונטער א גלעזערנער טיר, א בעט אין סטיל פון לואי דעם פופצנטן, פארדעקט מיט ראָזן אטלאס און באלויכטן מיט שוואכער ליכט פון רויטלעכע אבאזשורן; אויף א פוס-בענקעלע ביים טואלעט-שפיגל, האָט מען אַוועקגעזעצט אַ שלאַנק מיידל אין אַ לאנגן, דין-שיפאָנענעם נאכט-העמד; דער בלאָנד-געלאָקטער קאָפּ, עטוואָס פארוואָרפן אויף צוריק, אָנגעשפארט אויף די פארלייגטע הענט; דער שטייף-מיידלשער ביוסט ארויסגעשטעלט, ווי ציטערדיק פויל און נאָכגעביק די ווייב-לעכע גלידער, און די אויגן אירע, געווענדעט צום בעט, לאָקן און רייצן. נייגעריקע פארבייגייער האָבן ארומגעשטעלט די טירן. מ'שטופּט זיך, מ'כאפּט א קוק איבער קעפּ און תאווה-פלעמלעך צינדן זיך און פילדייטיקע ווערטלעך פליען:

— דאָס איז א פּעפּערל!!...

— ווער זאָגט זיך עס אָפּ פון אזעלכער?!...

— סי... סי־ניאָ־ר!!...

געאַרעמטע מאַן און פרוי. — זי האַלט אים אין איין אַוועקציען פון דער טיר, ער... שווער רירט ער זיך... אַוועקגיין, גייט מען שוויגנדיקע, אָנגעבלאָזענע, גלייך יענע מיידל זאל גיין צווישן זיי.

* *

*

ביים טעאַטער מוניציפּאַל, צו דער איטאַליענער אָפּערע: „אַאידא", פאָרן צו אין דער באַשטימטער מינוט, איינער נאָכן צווייטן, לוקסוס־אויטאָמאָבילן. אוניפאָרמירטע שאָפערן מיט ארויפגעצווונגענע שמייכלען, צעעפענען ברייט די טירלעך פאר די אויסשטייגנדיקע דאמען און הערן. מ׳זעט נאר — פראקן און צילינדערס. לאנגע קליידער שורשען, בריליאנטן פינקלען; ווייס־באזילבערטע פיקסענע פעלן — נאָכלעסיק פארוואָרפן אויף די אקסלען; פריזורן — אויסגעלאַקטע, געפוצטע פנימער און געקינצלטע שמייכלען; באוועגונגען — געמאָסטענע, איינגעשטודירטע, וואָס זאָלן ארויסרופן צו זיך רעספּעקט, וואָס זאָלן מעלדן:

— טרעט אָפּ! מיר... מיר גייען!...

אויף די ברייטע טעאַטער־טרעפּ, ביי אויפגעפּראלטע טירן, בייגן זיך הכנעהדיקע דינער; גאַסטפריינדלעך נעמען אויף די פעדערשטע ראָז־מארמאָרנע זאלן מיט טעפּעכער און שפּיגלען און בלומען, — באלויכטן מיט טויזנטער ליכט פון קריסטאַלענע קאנדעליאברען.

אונטערן טעאַטער, אין אַ עקזאָטיש־דעקאָרירטן קעלער, באַרויטלט מיט האַלב ליכט פון פאַרצייטיקע וואַנט לאָמפּן, דאָרט פוצט מען שוין די טישלעך מיט פרישע רויזן, מ׳שטעלט אַריין פלעשער שאַמפּאַניער, אויסגעקניפּט מיט סערוועטקעס, אין זילבערנע קעסעלעך מיט אייז: מ׳גרייט דעם אַמביענט פאַר רייכע באַזוכער, וואָס קומען זיך דאָ פאַרווײַלן, נאָך דער אָפּערע. לויפן אַרום באַשעפטיקט דער „מעטראָ" און די קעלנער. — אַלץ מוז דאָ קלאַפּן!

— מוזיק, באַלעט, וויין און ווייב...

* *

*

אין ראָג ניט ווייט פונעם טעאַטער, בויט מען א וואָלקנקראַצער. די סקעלעטישע שטאָקן, ציען זיך שוין אַרויף צו די שכנותדיקע געביידעס, און די אונ־

טאָרשטע טיילן זיינען נאָך אַרומגעקלאַפּט מיט ברעטער. דאָרט, לעבן אַ בערגל אָנגעשאָטן זאַמד און בראָך־שטיינדלעך, שטיקלעך צייטונגען אונטערגע־שפּרייט אויפן צעמענט, האָט זיך „איינגעאָרדנט" אַ פאַמיליע, — איינע פון יענע פאַמיליעס, וועמען דער הונגער טרייבט אַהער פונעם וויטן „אינטעריאָר" *), וואָס שלאָפן זיך טעג און וואָכן מיטן טליענדיקן געלן פיבער אין די גלידער, פון דערפער און „ראַסעס", ווו דער היישעריק האָט צעפרעסן אין פּסעכע האָט אויסגעברענט, ביז אַ גרעזל אויף די פעלדער. דאָ זיצן טאַטע־מאַמע, אין זייערע פּנימער — קאָליר פון די אָפּגעבליאַקעוועטע קליידער — איז פאַרזייט צער און ווייטיק נאָך די אויסגעטריקנטע פעלדער, נאָכן פאַרברענטן „באַנאַנאַל"; צער פונעם לעצטן בהמה׳לע, וואָס איז נישט לאַנג אַוועקגעפאַלן.

דער מוטערס אַראָפּהענגענדיקע ליידיקע ברוסט, נאָגט אַ פּיצל קינד איינ־געהילט אין שמאַטעס; ס׳האַלט אין איין ציען די טרוקענע וואָרצלען און מיד וועררנדיק, קוקט זיך עס אַרום מיט אַ בליק פון אַ גרויסן, דערשראָקט זיך פאַרן פרעמדן טומלנדיקן אַרום און הייבט אָן נעבעכדיק וויינען. וואָס אַמאָל קוויטשעט עס העכער. די מוטער ווערט פאַרצווייפלט, אירע רויטלעכע אויגן מיט פאַר־שוואָלענע וויעס, צעפינטלען זיך. זי גיט אַ כאַפּ אַרויס עטלעכע געקאָכטע פאַסאָל־יעס פון אַ בלעכל, גיט זיי אויף שנעל אַ צעקוועטש און פאַרשטופּט דעם קינד דאָס פּיסקל. פונעם טרוקענעם ביסן הייבט דאָס עופהלע זיך אָן קרעקן אויף צו ברעכן, די שוואַרצאַפּלען זעען אויס ווי אַרויסצוזעצן, און דאָס גאַנצע אינגע־ווייד, ווי עס זאָל זיך אים רייסן פונעם העלדזל.

די קינדער וואָס האָבן געדרימלט אָנגעשפּאַרט אין דער מוטער, כאַפּן זיך אויף דערשראָקן און הייבן זיך אָן רייבן די אייגלעך מיט דאָרע, ברודיקע הענט־לעך. אַ מיידעלע פון אַ יאָר דריי, א צעשויבערטס, קוקט זיך רחמנותדיק אַרום, גיט א בליק אויף איר מאַמען און צופאַלנדיק צום שלאָפנדיקן הינטל לעבן איר, גיורעט זי איין דאָס קעפּל אין זיין אויסגעקראָכענער פעל און כליפּעט האַרצ־רייסנדיק. אַן עלטער ברודערל, וואָס האַלט זיך לעבן פאָטער, אַ הויכס און אַן אויסגעטריקנטס ווי אַ ביימל פון דער „סעקע *), שטורקעט זי מיטן פוס, זי זאָל אויפהערן.

אין קורצע געלאַטעטע הויזן, די באָרוועסע פיס אונטער זיך, ציטערט אין פאָטערס האַנט אַ פאַרויכערט בלעכן טעלערל. ער בעטלט נישט ביי פאַרבייגייער און עס מערקט זיך נישט אין אים יענע געניטקייט צו ווירקן אויף געפילן. דער־

*) „אינטעריאָר" — הינטערלאַנד.

*) „סעקע" — טריקעניש.

קאָפּ זײַנער איז אַראָפּגעזונקען, די אויגן־דעקלעך פאַרשטעלן דעם אויסדרוק, נאָר דאָס ציטערדיקע טעלערל, דערציילט וועגן זײַנע אַנגסטן.

מענטשן שפּאַצירן פאַרבײַ.

פריילעכע בחורים גרופּנווײַז, מאַכן פּלענער. — חברה וואָס ווייסט שוין, ווי דאָס לעבן הייבט זיך אָן נאָך צוועלף...

א געאָרעמט פּאָר־פּאָלק דערנענטערט זיך. די פרוי פאַרלאַנגזאַמט די טריט, אָנשטעלנדיק דעם לאָרנעט אויף דער אָרעמער פאַמיליע. ער ציט זי אַוועק בורטשנדיק:

— אַפילו אַהער קריכן זיי אויך!... ווען איך בין ביי דער מאַכט, וואָלטן די שלעפּער ביי מיר זיך נישט אויסגעזעצט דאָ אין צענטער!...

א צווייט פּאָרפּאָלק גייט פאַרביי.

די פרוי — אַ יונגע און אַ שלאַנקע. אויגן — מילדע. דער כיטלייד צו די אָרעמע אויפן נאַקעטן צעמענט, האָט זי אָפּגעשטעלט. ער, גייט ווייטער.

— וואָס האָסטו דאָ נישט געזען?

— טייערינקער!... דאָס פּיצעלע „קויטאַדיניאָ”! *) — וואָס מאַכן ביי דיר אויס עטלעכע ניקל? געדאַרפט אַריינוואַרפן אין טעלערל.

— ווייבערישע סענטימענטן! — באַרויקט ער זי — דערויף, האָבן מיר דאָך ווילטעטיקע אַנשטאַלטן, נאַרעלע!

א יונגער מאַן אין ברילן, קענטיק נישט קיין היגער, שפּאַצירנדיק מיט פאַרלייגטע הענט אויפן רוקן, שטעלט זיך אָפּ באַטראַכטנדיק דאָס בילד. אים זעט מען, איז דאָס בילד נישט פרעמד. ער וואַרפט אַ בליק אין טעלערל, מיט די בידנע עטלעכע ניקל דאַרט, גיט אַ ביטערן שמייכל און רעדט צו די עטלעכע מענטשן וואָס שטייען אַרום: דער הונגער טרייבט, מוזן זיי לויפן אַהער מאַסנווייז — וואָסזשע וועט דאָ פון זיי ווערן, פון די ערלעכע „קאַמפּאַנעזן”? אַט וואָס! — בעטלער... מעגלעך גנבים... און די קינדער... די קינדער וועלן זיך מיט דער צייט אויך אויסלערנען דאָס „פאַך”... — וועט פּאָליציי האָבן וואָס צו טאָן...

אוועקגייענדיק, שאָקלט ער סאַרקאַסטיש מיטן קאָפּ אונטערברומענדיק:

— סי סעניאָר! אַ וועלטעלע... אַזוי וואָלסטו געמעגט ברענען!

*) „קויטאַדיניאָ” — נעבעך



די באַוועגונג אין די הויפּט-גאַסן ווערט אַלץ שיטערער. פונעם ים האָט אָנגעהויבן בלאָזן אַ פייכטע קעלט; פון פאַרשפּעטיקטע קאַפע-הייזער הערט זיך פון מאָל צו מאָל א רעשיקער גרילץ פון אַראָפּציענדיקע שטאָרן. זיך אַריינשניידנדיק אין דער ביינאַכטיקער רו, יאָגט פאַרביי אַ „קאַדילאַק" איבערלאָזנדיק נאָך זיך אַ שיכורן ליאַרעם. — — — — — —

און אין ראָג, אויפן קאַלטן צעמענט, איינגעניורעט און אָנגעשפּאַרט אויף די קלומיקלעך, שלאָפן די קינדער. דאָס הינטל — צווישן זיי. די דרימלנדיקע מוטער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ איבערן קינד ביי דער ברוסט; און דאָס טעלערל ביים „שעף" פון דער פאַמיליע, האָט זיך אַרויסגעגליטשט פון דער האַנט. אָבער אַלע מאָל גיט ער דערשראָקן אַ וואָרף מיטן קאָפּ און קוקט זיך פאַרשלאָפן אַרום — אים דאַכט זיך אַלץ, אַז דער נאַכט-וועכטער האַלט אין איין דראָען:

„דאָ איז פאַרבאָטן צו שלאָפן!"



פונעם ים בלאזט א פריש ווינטל און צעטרייבט די שטיקנדיקע היץ. דער ריא-דע- זשאניירא'ער עולם, וואס אנטלויפט אהער פון פארטאג אן, טראכט שוין פון אנהייבן זיך קלויבן צוריק אין שטאט אריין; צוריק אין יענעם אנגעגליטן קעסל. דערווייל לאזט מען זיך נאך א גלעט טאן פונעם מחיה'דיקן ווינטל און מ'האלט אין איין באוווּנדערן די שיינקייט פון „פראיא ווערמעליא".

קינדערלעך האלב נאקעטע, אפגעברענטע פון דער זון, קאטשען זיך מיט א הילכיק-פריידיקן געלעכטער, פונעם דערבייאיקן בערגל; אין שאטן פון ברייט צעוואקסענע קאשטאנען-ביימער, האבן זיך אפגעזונדערט יונגע פארלעך. באבלעטערטע צווייגן פאכן זיי, ווי אינדישע פרינצן און באהאלטן זיי אוים פון איבעריקע בליקן. פילצוזאגנדיק שמייכלען: ים, הימל, און בערג.

* *

*

זינט די היצן האבן צוגעדריקט און ס'איז געווארן שווער צו כאפן דעם אטעם אין ענגן צימער, האט ראזע זילבער באשלאסן: די זונטיקן מוז זי אפרייסן פאר זיך!

ביים ים-ברעג, ארויף צום בערגל, צופוסנס פון אן אויסגעקיילעכטן שטיין ארומגעוואקסן מיט קוסטעס — דארט איז ראזעס „אויסדערווײלט" פלאץ. אין פרישן גראז שפרייט זי אוים איר באד-האנטוך און אויפהענגענדיק אויף א צווייגל דאס קיישל מיטן אנבייסן, שפארט זי זיך צו און הייבט אן ווי אלעמאל זיך קווי-קן מיט דער ארומיקער שיינקייט; מיט האלב-פארזשמורעטע אויגן באטראכט זי די בערג וואס קייטלען זיך איינער אין צווייטן, די פראכטפולע פאלאצן וואס שווימען דארט ארום אין גרינס — פאלאצן אין פארשידענע סטילן: אייניקע ווי אלטפרענקישע שלעסער ארומגעצוימט מיט פעסטע מויערן — און ארום א מין רחבות! א ים פון גרין, געל און וויאלעט צעצוויטעטע ביימער!

באוווּנדערנדיק די שיינקייט, קומט ראזען אין געדאנק איר צימערל אין שטאט, מיטן איינציקן פענצטער, וווּ עס קוקן אריין בלויז הויכע, בלינדע ווענט און א קוואדראט, קליין שטיקל הימל. זי טראכט: א גאנצע וואך איז מען פאריאגט

— דער מאַן וואַלגערט זיך אַרום אין די אַרומיקע שטעטלעך, צו פאַרקויפן די קליידלעך וואָס זי גרייט צו. איז שטענדיק — נאָר שנייד און סטריגעווע און שטעפּ! קיין פרייע מינוט נישט... אָפּט קומט אויס, ווען זי זאָל צושטיקעווען נאָך אַ פּאָר שעה צו די פופצן אַ טאָג, וואָלט נאָך אַלץ געווען וואָס צוטאָן... אָבער עטלעכע טעג זיך אָפּצורוען — אָנצושמירן די רעדער בכדי ווייטער צו קענען שלעפּן דעם יאָך — ווער קען זיך עס פאַרגינען?

אַפילו אַהער אויף די עטלעכע שעה, ביז מ׳דערשלאָגט זיך... ביז מ׳כאַפּט אַן אָמניבוס!... פון פאַרטאָג אָן, ווי זי, מיט קיישלעך און מיט פּעקלעך, שטעלן זיך אויס „פּילעס *) מיט דער גאַנצער לענג פון דער גאַס.

***

די זון הייבט דערווייל אָן אַריינדרינגען אויך צווישן די קוסטעס. לויפט ראָזע צום ברעג, לויפט און טענצלט זיך אונטער, ווייל דאָס אָנגעהיצטע זאַמד בריט די באָרוועסע פיס. זי זעצט זיך אַוועק אין באַרגיקן שאָטן, ווו דאָס וואַסער גיט אַלעמאָל אַ שלאָג צו אין רעשיקן פינע-געדריי, פאַרגיסנדיק דעם קערפּער, פון וואָס זי גיט אַזש אַ צאַפּל אויף; פון אַזאַ שאַרפער באַרירונג מיט דער נאַטור, ווערט זי ווי אויפסנייַ געבוירן. אירע אויגן באַקומען דעם אַמאָליקן גלאַנץ, די באַקן צעפּ־לאַמען זיך ווי ביי אַ מיידעלע — גאַרנישט צו דערקענען די ערנסטע, פאַראַרבעטע ראָזע פון אַ גאַנצער וואָך.

אָט גיט זי זיך מיט רוישיקע באַוועגונגען אַ וואָרף אין וואַסער, אָנמאַכנדיק אַרום זיך אַ טומל, אַ שפּריצעריי. אָפּשווימענדיק אַביסל ווייטער פונעם ברעג, טרייסלט זי וואויל-יונגעריש אָפּ מיטן קאָפּ די נאַסע האָר, האַלטנדיק זיך אויפן אויבערפלאַך בלויז מיט אַ לייכטן פיר מיט דער האַנט, מיטן פוס. — אַזוי איז איר אי לייכט, אי גוט — ווי אַ פיש אין וואַסער...

ווי דאָס אויג זאָל נישט פאַלן — שפּרייטן זיך באַגרינטע טאָלן און בערג; פון ווייטנס גרויעט אין נעפּל די שטאָט, מיט קאָנטורן פון הימל-קראַצערס, און צופוסנס — באַגאָסן מיט זון — בלענדעט דער ברייטער ווייס-פּערלדיקער-זאַמ־דיקער ברעג, מיט אויפגעשטעלטע ביידלעך און שירעמס און באַד-קאָסטיומען, וואָס ווילן מיט זייער רייכן קאָלאָריט, ווי קאָנקורירן די אַרומיקע נאַטור-שיינ־קייט; ראָזע באַטראַכט פון ווייטנס די אָפּגעברוינטע קערפּערס, וואָס בריען זיך אויסגעצויגן אויף דער זון, הערט זיך איין אין פריילעכן, קינדעריש-קלינגענדיקן געלעכטער, וואָס דערטראָגט זיך צו איר און ס׳איז גוט!.. ס׳איז איר גוט

---

*) „פּילעס" — רייען

ווי די וועלט, צו ליגן אויסגעצויגן אויפן קריסטאַל־גרינלעכן וואַסער־פּלאַך, וואָס דרויבלט זיך ערטערווייז אין דריבנענקע זון באַשטראַלטע כוואַליעלעך פּונקט ווי עמעצער זאָל אויסשיטן פאַר איר גאָלדענע בלעטלעך.

אין יענע מאָמענטן, צערינען ראָזעס אַלע זאָרגן, און מענטשלעכע קאַמפן און שטרייטן ווערן איר מיטאַמאָל קלאָר, אַזוי פאַרשטענדלעך, גלייך זייער ציל זאָל זיין אָנגעצייכנט אָט דאָ פאַר די אויגן, אויפן פּאָן פון דער שטאָט און בלויז מיט געציילטע עטלעכע ווערטער: „פאַר בעסער לעבן! פאַר פרייער גייסטיקער אַנטוויקלונג!"

און אין יענער ריכטונג פאַרקוקט זי זיך מיט אַ פאַרחלומטן בליק, דאָס פּנים שטראַלט אויף, ווי זי זאָל אים זען דאָרט, דעם באַפרייטן מענטשן פון דער געגאַר־טער צוקונפט.

ראָזען אַליין וווּנדערט: ווי די נאַטור, בפרט דער ים, ווירקט אויף איר! זעט אוים — טראַכט זי — אַז דאָס דאָרף וווּ ז'איז געבוירן, רופט זיך אָפּ אין איר. דאָס דאָרף... עס לעבן אויף דערינערונגען: יענע פרילינג־שבתים, ווען זי פלעגט זיך אין די פאַרטאָגן אַרויסכאַפּן פונעם שלאָפנדיקן געסל און אַוועקשפּאַנען מיט די פּויערישע גערטנער און פעלדער אין נאָענטן וואַלד אַריין — — — —

און אַז ביים וועג האָבן אַ בלאַנק געטאָן פון צווישן טונקל־גרינע בלעטער, ווייסע „לאַנדיש" גלעקלעך, אָדער ס'האָט זיך פון ערגעץ אַ רויטל געטאָן אַ ציטיקע אַזשענע — וואָס פאַראַ פרייד האָט עס אויפגעצאַפּלט דאָס זיבעצן־יעריקע האַרץ! — — — — — — —

... — מסתם — שמייכלט זי — האָבן שוין דעמאָלט, אין יענעם אויסגעצ־קנופּטן קאָסינקעלע, אין די צעלאָזטע צעפּ, זיך אויסבאַהאַלטן פאַרנעפּלטע יונג־מיידלעשע באַגערן... — — — — — — — — — — — — — —

— איי... יענע זיסע יאָרן!... די היים!... — און ווי די צייט לייטערט אוים, פאַרהעלט דעם „אַמאָל"!

...שפּעטער — טרוקענע ווירקלעכקייט... אַנטוישונג... שווערער קאַמף פאַר עקזיסטענץ... און די יאָרן לויפן זיך, — ערשט זיבעצן... און באַלד פאַוואָליענקע שוין צוויי־און־צוואַנציק!... דער „געפּערלעכער פּעריאָד" אין לעבן פון דער פרוי. ראָ־זעס אויגן פאַרזשמורען זיך ערנסט. אָבער... פילט זי דען אַן ענדערונג? מ'זאָגט: אין די יאָרן הייבט מען זיך ערשט אָן פּוצן, מ'קליידט זיך אין אַרויסרופנדיקע קאָלירן, מ'וויל אויסנעמען ביי מענער. זי... זי ווייסט נאָר, אַז נערוועיש איז זי לעצטנס, זייער נערוועיש! וואָס עפּעס, רעגט זי אויף. אָבער ווייטער... כמעט ווי

אַמאָל. און אפשר יאָ אַן אונטערשייד: דעמאָלט האָט זי נאָר געוואָלט לאַנגע קליידלעך און הויכע קנאַפּל, אויסצוזען עלטער און איצט? איצט פילט זי, ווי עס זאָל עפּעס אָנגיין אין איר אַן אינערלעכער קאַמף, פון האַסטיקן אונטעריאָגן, פון אַ מין כאַפּן און פאַרכאַפּן: — אַ קאַמף מיט אַ נישט זעבאַרן שונא, קעגן וועלכן עס ראַנגלט זיך יעדער אבר.

ביי די געדאַנקען גיט אין איר עפּעס אַ חוזק:

„דיין היינטיקע אַנטציקונג מיט דער נאַטור, איר ווירקונג אויף דיר, גוטע שוועסטער, איז אויך פאַרבונדן מיט דער עלטער... — דאָס יוגנט-פייערל האָט אין דיר אויפגעפלאַקערט פאַרן אויסלעשן זיך״...

דער זעלבער ים און די זון און די בערג, ווערן מיטאַמאָל ווי איבערגעצויגן מיט אַ גרויען שלייער. אַ מאַך געבנדיק מיטן קאָפּ, ווי צו באַפרייען זיך פון זלידניע פליגן, נעמט זי מיט שנעלע באַוועגונגען צושווימען צום ברעג.

* *
*

די באַשירמטע טישלעך לעבן באַר *), זיינען שוין אַלע ליידיק. די זון האָט זיך דאָרט באַלעבאַטיש אויסגעשפּרייט אין אַלע ווינקלען און האַלט אין איין גליען. קעלנער שאַרן אויף שנעל צונויף די אָנגעוואָרפענע, פעטע פאַפּירן, שאָלעכץ פון אייער און פון פרוכטן; און פאַרנעמען די אויסגעליידיקטע פלעשער. אויפן בערגל, אין שאָטן פון ברייט-צעוואַקסענע ביימער, ליגן אויסגעצויגן איינציקע און משפּ-חות גאַנצע, אויפן גראָז. — דאָרט קילט איצט אַ ווינטל און גלעט די אויסגעהאָרע-וועטע שטאָט-מענטשן, וואָס זיינען אָנגעזאַפּט מיטן ריח פון גאַזאָלין און שטויב; דאָס ים-ווינטל גלעט און פאַרוויגט זיי אין אַ זיסן דרימל.

* *
*

ווען די זון האָט זיך אָנגעהויבן רוקן צום מערב-האָריזאָנט און די בערג אַרומשווימען אין פאַרנאַכטיקן נעפּל, האָט פלוצים אַ פריילעך געלעכטער אויפ-געוועקט ראָזען פונעם שלאָף. זי האָט זיך געגעבן אַ זעץ אויף, אַרומגעקוקט זיך און אָנגעהויבן צונויפנעמען אירע זאַכן.

אונטערן צווייטן בוים, אויפן גראָז, האָט אַ לוסטיקע חברה אויסגעשפּרייט אַ טישטוך, אויסגעשטעלט קאָנסערוון, סאַנדוויטשן און ווין און זיך גענומען ווילגיין...

*) „באַר״ — קליינער קאַפע-הויז

ווייטער אַביסל, שטייט איינער אין ברילן, אַ מאַן שוין אין די מיטעלע יאָרן, די האָר ביי די שלייפן גרוי. — אַ באַקאַנט פּנים! און קוק נאָר אָן — גיט ראָזע אַ שמייכל — ווי ער האַלט עס אין איין גלעטן זיך, זיין האַלב-נאַקעטן קערפּער אין די באָד-הייזלעך!..

— סעניאָר נאַטאַן! — דערפרייט זי זיך מיט זיין צוקומען -- כ'האָב אייך נישט אָנגעהויבן צו דערקענען! דאָ זעט איר אויס אַנדערש... — איר קומט ערשט אָן? — איז ווי זשע געפעלט אייך היינט אונדזער „פּראַיאַ ווערמעליאַ"?...

— הלוואי איז זי מיינע! — גיט ער אַ זיפץ — וואָלט איך מער שוין קיין קליענטעלע נישט געאַרבעט!... דאָס איז די שענסטע געגנט אין ריאָ. געקומען אַהער, געמיינט אַז דאָ וועל איך זיך פאַרגעסן, אָבער... — שלינגט ער אַראָפּ אַ צווייטן זיפץ.

— וואָס איז? — קוקט אים ראָזע אָן פאַרוווּנדערט און צעלאַכט זיך — די שיפן אייערע גייען אייך אונטער?...

פאַרפאַקנדיק אירע זאַכן — גיט זי אים נאָכאַמאָל אַ פרעג:

— וואָס פאַראַ זיפצעניש? דערציילט, ווייל איך קלויב זיך שוין אין שטאָט אַריין.

— אויף איין פוס?... איר ווייסט אַז כ'האָב באַקומען אַ בריוו פון טאַשקענט, פון דער יינגערער שוועסטער? נו... ווייס איך שוין וואָס ס'איז געוואָרן פון מיין משפחה, פון די קינדער מיינע... די גאַנצע וואָך בין איך אַפּגעלעגן אַליין ווי אַ הונט, זיך גוט אויסגעוויינט. — און איצט... וואָס טוט מען ווייטער? קיין יינגע-לע, ווי איר זעט, בין איך שוין נישט, און גיי קלער ערשט וועגן אַ תכלית... און די „טאַכטעלעך" האָבן זיך מיר שוין אויך איינגעגעסן. — מ'האָט נאָר צו טאָן מיט מאַריעס! איר הערט, פרוי זילבער? — ווערט ער אויפגעלעבטער — כ'האָב אַ קונד, האַלט זי אין איין קויפן.. אויף אַלעמען איז זי אַ בעלן... און צאָלט! ווען איר קוקט זי אָן — קיין צוויי „דישטאָן" *) וואָלט איר פאַר איר נישט געגעבן, נאָר שטייט איר לעבן איר, — צינדט זי אייך אָן ווי אַ פייער...

— מיך?... מיך צינדט זי נישט — שלאָגט אים איבער ראָזע מיט אַ געלעכטער.

— ס'רעדט זיך אַזוי... אָבער נישט דאָס... אין די יאָרן ווילט זיך שוין אַן אָנשטענדיקע היים, אַ פריינד. זעט איר, ווען ס'טרעפט זיך מיר עפּעס...

ראָזע זילבער הערט אים, און דאַכט זיך אַז נישט. זי האָט זיך פאַרקוקט, ווי דער טאָג האַלט אין פאַרגיין, ווי די זון טונקט זיך דאָרט צווישן די בערג אין

*) „דישטאָן" — גראָשן

ראָז-בלוי, ברענענדיק-רויטע פּאַסן; זי קוקט אויף די זון רעפלעקסן — אַנטקעגן איבער און וווּנדערט זיך, ווי די לעצטע שטראַלן זיינען שטאַרקער, שפּילעוודיקער, און טיילן זיך אוים שאַרפער אין פאַרנאַכטיקן שאָטן. אַ געדאַנק זאָגט איר אונטער:

— זעסט: א פאַרגייענדיקע יוגנט איז געגליכן צו אַ פאַרגייענדיקן טאָג...
— פאַרציען זיך אירע ברעמען און פאַרטראַכט, גיט זי אַ זאָג:
— נאַרישקייטן!...

דאָס נישט-דערזאָגטע מוטיקט זי: אייגנטלעך, נאָך פערציק הייבט זיך ערשט אָן דאָס לעבן. — יאָרן פון רייפן פאַרשטאַנד, פון פאַראַנטוואָרטלעכע טאַטן. נאָר זיך נישט איינרעדן!...

און נאַטאַנען, וואָס וואַרט אויף איר ענטפער, מוטיקט זי אויך:

— נו יאָ... — דאָס לעבן איז שטאַרקער! אָבער פאַרלירן זיך, טאָר מען נישט. מ׳טאָר נישט!...



זינט פאולאַ, דער גאַסן-קערער, האָט זיך פארליבט אין מאריאַן, גייט ער ארום א פארחלומטער, אַ ווייטער.

אויסערלעך — דער זעלבער אָרעמער דאָרפס-בחור ווי געווען, אין א גרויסן אָפּגעטראָגענעם, פארלאַטעטן קאָסטיום; ווי שטענדיק שטופּט ער אויך איצט דאָס צוויי-רעדלדיקע וועגעלע, מיטן בעזים פון אויסגעריבענע ריטלעך שאַרט ער דאָס מיסט פון די גאַסן; נאָר זיינע פּאַסיווע, עטוואָס טעמפּע אויגן, האָבן באַקומען אויסדרוק. אָט דערציילן זיי וועגן אַן אינערלעכער וועלט, וועלכע איז אויסגעפּולט פון דערוואַכטע בחורישע האָפענונגען, אַמאָל דריקן זיי אויס אַנטוי־שונג און אָפט טיפע פארצווייפלונג.

מאַריאַ, זיין „קליינע", איז נישט קיין היגע; די פאַמיליע ביי וועלכער זי דינט, איז נישט לאַנג געקומען פון אַ ווייטער פּראָווינץ און זי מיטגעבראַכט פון דאָרטן.

באַקאַנט האָבן זיי זיך אין א פּרימאָרגן, ווען די שטאָטישע לופט איז נאָך ריין און פריש, ווען אַלץ איז נאָך באַדעקט מיט פייכטן טוי. אינדערפרי, ווען פאַבריק-מיידלעך מיטן אָנבייסן אונטערן אָרעם יאָגן זיך צו דער ארבעט, ווען דער גרינסהענדלער, א געבויגענער אונטער שווערע געפלאָכטענע קוישן, קלאַפּט ביי די טירן, ווען אַרבעטער טראָגן זייערע באַניימטע כוחות אין די פאַבריקן און ווערקשטאַטן, ווען דער גאַנצער לעבנס-געפילדער הייבט זיך אָן אויפסניי איבערחזרן, דעמאָלט האָט זיך פאולאַ דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט מיט מאַריאַן.

מאַריאַ נאָך א פארשלאָפענע, האָט אָפּגעקערט די פארוועלקטע בלעטלעך פון די ביימן און באַשפּריצט די בלומען ארום הויז.

פאולאַ האָט געשטופּט דאָס צוויי-רעדלדיקע וועגעלע אויף דער גאַס און צונויפגעשאַרט די פּאַפּירן. אין די אינדערפריען איז ער גוט געשטימט. אין יענע שעהן פארגעסט ער, אַז ער איז א גאַסן-קערער — די פארבייגייענדיקע ארבעטער

באַציען זיך צו אים ווי צו אַן אייגענעם — אַ וואַרעמען „גוטמאָרגן", אַ גוט־ברודערישן קלאַפּ אין דער פּלייצע! דערזעענדיק אַ פרעמד דינסט־מיידל, דערצו נאָך אַ יונג־חנוודיקע מולאַטקע, גלוסט זיך אים כאַפּן אַ שמועס; נישט דרייסט, גייט ער צו צום טויער מיט אַ נישט זיכערן שאָקל מיטן קאָפּ. באַקומענדיק ענטפער, קריגט ער שוין מער קוראַזש — אַ וואָרט אַהער, אַ וואָרט אַהין, דערוויסט ער זיך, אַז זי איז ערשט געקומען פון יענער געגנט, וווּ ער איז געבוירן געוואָרן און געוואַקסן.

אינסטינקטיוו טוט אים אַ ציִ צום פרעמדן מיידל — איר אַרט רעדן, איר נאַיווע, נישט געקינצלטע האַלטונג, איז פאַר אים ווי אַ גרוס פון זיין ליבער היים; רעדנדיק מיט איר, לעבן אויף אין זיין זכרון בילדער פון זיין פריער יוגנט, ס'טוען אַ בלאַנק יענע ליכטיקע שטראַלן אין זיין לעבן, וועלכע זיינען פאַרבליבן ווייט אויף דער ראָסע *) צווישן די געדיכטע גרוים־בלעטערדיקע ביימער, ביי די לויטערע טייכלעך אין פעלד און אין וואַלד.

דער איינדרוק פון דער ערשטער באַקאַנטשאַפט האָט זיך נישט געלאָזט פאַרגעסן, און ער האָט געזוכט געלעגנהייטן אָפטער מיט איר זיך צו טרעפן. זיין לעבן האָט באַקומען אַן אימפּולס, זיין עלנטקייט איז פאַרשוווּנדן, זיין אַרבעט אין די טראָפּישע הייסע טעג אונטערן אָפענעם הימל, איז שנעלער איבערגעלאָפן, אַלץ האָט באַקומען אין זיינע אויגן אַ העלערן קאָליר.

נאָך דער אַרבעט, אַרומגעוואַשן און צוגעקעמט, איז ער אַוועק צו דעם פּאַלאַסעט *) וווּ מאַריאַ האָט געדינט. דערהערנדיק אינוויינעקסטע טריט זיך דערנענטערן צום אַרויסגאַנג, פלעגט זיין האַרץ נעמען האַסטיקער קלאַפּן. „מאַריאַ"!

אָפטמאָל, פלעגט גאָר אַרויסקומען אַ נעט געקליידעטע דאַמע, באַ־גלייט פון צוויי קינדער, און אַמאָל אויך אַ מיטל־יעריקער קערפּערלעך גוט־געבויטער מיליטער־מאַן — מאַריאַס באַלעבאָס.

פּאַולאַ, אַן אַנטוישטער, אַ נישטיקער אָקעגן יענעמס בלאַנקדיקע קנעפּ און עמבלעמען, קעגן זיין האַלטונג, וואָס פאָדערט רעספּעקט צו זיך — האָט זיך הכנעה'דיק אָפּגערוקט אין ראָג.

אָפטער אָבער, איז עס געווען מאַריאַ, וועלכע מען פלעגט שיקן איינקויפן, דעמאָלט איז ער אויסגעוואַקסן לעבן איר. נישט וויסנדיק פון וואָס אָנצוהויבן,

*) „ראָסע" — פעלד.
*) „פּאַלאַסעט" — לוקסוס־הויז.

האָט ער בלויז געקוקט אויף איר, אָבער זיינע אויגן האָבן גערעדט דאָס זעלבע, וואָס א צווייטער וואָלט אין לאנגע שעהן, און אין דער שענסטער-שפּראך דער־ציילט זיין געליבטער.

מאריא פלעגט רויט ווערן און פארלוירן אוועקקוקן. ער איז דאן צוגעגאנ־גען נאָנטער און אין לופטיקן שטח האָבן זיך געצויגן ניט-זעבארע שייכותן, פארקניפּנדיק צווישן זיי אן אינטימע נאָענטקייט, א ליבשאפט.

---

אין אן אָוונט נאָך נאָכטמאָל, זיינען זיי געשטאנען ביים טויער. זי אין א געבלימט קליידל און מיט א רויט שלייפל איינגעפלאָכטן אין די האָר. ער, אין א ריין-געפּרעסטן כאקענעם קאָסטיום. גליקלעכע האָבן זיי זיך געהאלטן פאר די הענט. אין ביידנס באוועגונגען — אויפגעברויזטע יונגטלעכע פארלאנגען; אין די אויגן — געזאנג פונעם בלוט.

פלוצים איז אָנגעקומען דער טענענטע, *). ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און זיי דורכדרינגלעך באטראכט. מאריא, א דערשראָקענע, האָט אָפּגעטראָטן. אין פאולאָן האָט דער „גאושאָ" *) זיך א צינדגעטאָן. — דאָך האָט ער זיך באהערשט און גענומען אוועקגיין. אָבער יענער, א מאך-טוענדיק מיט דער האנט, האָט אים אָפּגעשטעלט. ער האָט אויף אים א קוק געטאָן פון אויבן אראָפּ, און באנעמענדיק א געדאנק, וואָס איז אויפן אָרט געבוירן געוואָרן, האָט ער ארויסגענומען זיין ציגאר פונעם מויל, פארזשמורעט דעם לינקן אויג און נאָכא־מאָל באטראכט פאולאָן. מיט א געמאכטן שמייכל האָט ער א פרעג געטאָן:

— א גאסן-קערער? הע?... קום מאָרגן נאָך דער ארבעט, וועסטו ארויסהעלפן מאריאן אויסקערן דעם הויף!

א צווייט מאָל אינדערפרי, פארבייגייענדיק, האָט ער אים געהייסן צוקומען ביי טאָג — העלפן אויפהענגען פאָרהאנגען.

צו ביסלעך איז פאולאָ געוואָרן אן אָפטער ארייננגייער אין יענער שטוב. נישט געווען דער טאָג, מ'זאָל אים נישט צוזוכן עפּעס אן ארבעט. אָבער, וואָס אָפטער ער פלעגט קומען, אלץ שווערער איז אים געוואָרן אויפן הארצן; עפּעס מאָדנע, אומפארשטענדלעך, האָט אים אויסגעזען די באציונג פון די באלע־

---

*) „טענענטע" — לייטענאנט.

*) „גאושאָ" — געבוירענער אין ריאָ גראנדע דאָ סול.

באַטים צו מאַריאַן. בפרט דעם טענענטעס... אין א צוויי וואָכן ארום, האָט אים דער טענענטע אריינגערופן צו זיך אין קאַבינעט און געפרעגט, ווען ער קלויבט זיך חתונה האָבן מיט זיין דינסט, ער וויל באַצאָלן דעם גלח.

וואָס אָפטער עס זיינען געוואָרן די אַנצוהערענישן וועגן דער נאָענטער חתונה, אַלץ מער האָט דער פשוטער דאָרפס-בחור אָנגעהויבן צווייפלען אין די באַלעבאַטימס גוטהאַרציקייט און...

ער האָט באַשלאָסן אליין איבערצורעדן מיט מאַריאַן און פאַרזיכטיק געוואָר ווערן, וואָס דאָ קומט פאָר.

דעם צווייטן טאָג, אינדערפרי, האָט ער אָפּגעוואַרט. זי איז געגאַנגען מיט א קריגל נאָך מילך. אויף גיך האָט זי אים דערציילט, אז מאָרגן, זונטיק, פאָרן אירע באַלעבאַטים אוועק אויף א גאַנצן טאָג און זי בלייבט אליין.

ווידער האָט א צווייפלהאַפטער געדאַנק א נאָג געטאָן: ווייסן זיי נישט די באַלעבאַטים, אז מאַריאַ איז נאָך א מינדעריעריקע און אז זיי טראָגן די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר איר? וואָס לאָזן זיי זי אליין?... ער האָט פאַרשנדיק א קוק געטאָן אויף מאַריאַן און מיט א ציטערדיק קול, אין וועלכן ס'האָט גע־קלונגען אי ליבע, אי געבעט, אי אייפערזוכט — האָט ער זי געפרעגט:

— מאַריאַ... ווי גאָט איז דיר ליב... דערצייל, איך מוז וויסן, שוין לאַנג ווי דו ביסט ביים טענענטע? וואָס האָט ער מיט דיר?...

א פלאַמיקע רויטקייט האָט זיך צעגאָסן איבער דעם מיידלס טונקעלע פּנים, זי האָט זיך איינגאַנצן פאַרלוירן אונטער זיין פאַרשנדיקן בליק און די קרוג מילך איז ארויסגעפאַלן פון אירע מאַכטלאָזע הענט. דאָס גלאָז האָט זיך צעבראָכן אויף שטיקלעך; די ווייסע פליסיקייט, באַהעפטנדיק זיך מיטן שטויב, איז גערונען איבערן אַספּאַלט אין זיג-זאַגיקע ריטשקעלעך.

דערפילנדיק אויף זיך די נייגעריקע, נאָגנדיקע בליקן פון די פּילצאָליקע דורכגייער, האָט מאַריאַ דערוואַכט פון איר פאַרגליווערונג און מיט האַסטיקע טריט זיך געלאָזט אהיים. שוין ביים טויער, דערהערנדיק פאַולאָס טריט הינטער זיך, האָט זי זיך אומגעקערט און איינהאַלטנדיק די טרערן א זאָג געטאָן:

— קום מאָרגן.. איך וועל... דער-ציי-לן.

* *

*

אין א קליין האַלב-טונקל צימערל זיינען זיי געזעסן; אין א צימערל ווי א שטייגל די גרויס. א געל-מאַטע ליכט האָט קוים זיך דורכגעשלאָגן דורך די פאַר־

שטויבטע טיר־שייבלעך, קארג ביילייכטנדיק דאָס נישט־היימלעכע בחורישע צימער. דער איינציקער העלער פלעק דאָרט, איז איצט געווען מאריאס געבלימט קליידל.

אָט דאָ, אין דער ארומיקער גרויקייט, האָט אויך זי באמערקט, אז איר קליידל איז נאָך ניי און שיין. זי האָט באגריפן, אז דאָ שטעלט זי מיט זיך אויך עפּעס פאָר, אז דאָ אין דעם שאָטנדיקן צימערל קען זי זיין גליקלעך, דאָ קען זי זיין א טרייסט פאר פאולאָן אין זיין שווערן לעבן, און אז דאָרט, אין די שיינע צימערן, זוכט מען זי בלויז אויסצונוצן, יעדער אויף אן אנדער אופן...

זי האָט געפילט, אז דער ארעמער בחור האָט זי ליב, ער איז איר גלייבן און נאָר ער קען זי מיטפילן. האָט זי באשלאָסן פאר אים צו עפענען איר הארץ. ער וועט זי פארשטיין... ער וועט מוחל זיין... זי איז דען שולדיק?...

זי האָט אָנגעהויבן פון איר קינדהייט, וואָס איז דורך אין הונגער און אין נויט. דאָס ערגסטע איז געווען די טריקעניש. וואָכנלאנג האָט נישט גערעגנט און אלץ איז פארדארט געוואָרן... בהמות און עופות האָבן אנגעהויבן אוועקפאלן. ס'איז געקומען דערצו, אז מען האָט געהרגעט שלענג און גענוצט דאָס פלייש. דערנאָך איז דער פאָטער קראנק געוואָרן. די מוטער האָט זיך אָנגעשטעלט פאר א וועשן און זי האָט מען אוועקגעגעבן צום טענענטע. דער פאָטער איז געווען צופרידן. אזוי וועט זי כאָטש זיין זאט. און ביי גרויסע, איידעלע מענטשן, וועט זי ווערן א לייט.

דער טענענטע איז געווען א פארוואלטער פון אַ מיליטערישער שול און געוווינט מיט זיין יונגער פרוי און צוויי קינדער אין א שיין הויז, ביי דער שול טאקע, נישט ווייט פון זיי.

איר האָט מען אָפּגעגעבן א קליין צימערל אין הויף.

זי האָט זיך צוגעוווינט און אזוי זיינען אוועק אפּאָר חדשים. פלוצים איז מאריא בלייך געוואָרן און איבערגעריסן. זי האָט א צווייפל געטאָן, און מיט א פאַרשנדיקן פרוואישן בליק ארייננעדרונגען אין פאולאָס אויגן, ווי וועלנדיק אין זייער אויסדרוק געפינען אן ענטפער: צי דארף זי, צי מעג זי פאר אים דערציילן איר סוד. דערנאָך האָט זי מיט א ציטערדיקער שטימע פאָרגעזעצט:

...אין איין נאכט, האָט זי זיך אויפגעכאפּט מיט א ציטער פון א שלעכטן חלום: עפּעס איז זי געלעגן ווי איינגעפּרעסט אין אן ענגער טרומנע, און איבער אירע פיס זיינען ארומגעקראָכן שטשורעס, שטשורעס ווי קעץ. זי איז געלעגן אין איין שרעק, מיט אן איינגעהאלטענעם אָטעם, און נישט געוואגט זיך א ריר

צו טאָן, ווארטנדיק דער חלום זאָל זיך אויסוועפּן. אָבער זי האָט זיך נישט געקענט לאנג באהערשן און אויסגעשריען:

— „הייליקע, הייליקע מאריא!...״

זי האָט געזען אין דער פינצטער, ווי א שאָטן האָט זיך פאַרזיכטיק ארומ־געשארט ביי די ווענט.

מאריא האָט אָפּגעאָטעמט. אין צימערל איז שוין כמעט געווען פינצטער. פאולאָ איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן בעטל און האָט געצויגן אָן אויפהער די ליולקע. באשליסנדיק צו דערציילן אלץ איר געליבטן, האָט זי פאַרגעזעצט:

מיט עטלעכע וואָכן פארן אָפּפאָרן קיין ריאָ, אין טאָג פון „הייליקן אנטאָ־ניא״, זיינען די באלעבאטים אװעקגעפאָרן מיט א וויזיט און זי מיט די קינדער געלאָזט אין דער היים. די קינדער זיינען איינגעשלאָפן ביי זיך אין די בעטלעך און זי לעבן זיי אויף דער ערד, אין א פאָר שעה ארום, הערט זי — עמעצער שליסט אויף די פאָדערשטע טיר און גנבעט זיך אריין מיט שטילע טריט. די טריט דערנענטערן זיך, זיי זיינען שוין לעבן איר, אָבער דעם טענענטעם שיכור קול האָט זי בארואיקט:

— שריי נישט... וואָס האָסטו זיך דערשראָקן, נארישע... דו גיי בעסער מאך מיין בעט!

זי האָט ארויפגעכאַפּט אויף זיך דאָס קליידל און געלאָזט זיך דורכן קאָרידאָר. האָט ער איר פארשטעלט דעם וועג. ער האָט ארויסגענומען פון דער קעשענע א פעקעלע און האָט איר עס געשטופּט אין דער האנט: „אָט דאָ האָסטו — האָט ער געזאָגט — א קעמעלע מיט בלאסקנדיקע שטיינדלעך, א שמעקנדיק שטיקל זייף... דו זיי נאָר א גוטינקע... וועל איך נאָך קויפן...

ארום איז געווען פינצטער, די קינדער זיינען געשלאָפן, די געדיכטע ביימער ביי די פענצטער האָבן אָפּגעטיילט פון שכנים. זי האָט געשריען, געוויינט. ער איז געווען טויט־שיכור, ווילד ווי א חיה...

מאריא איז שטיל געבליבן, זי האָט געזען, ווי פאולאָ איז געזעסן אויפן בעטל, ווי די אויגן זיינע האָבן געברענט מיט האס און די פויסטן האָבן זיך געביילט.

„אַן אמת׳ער „גאושאָ״, ער קען אים נאָך שטעכן אָדער שיסן״ — האָט זי א טראכט געטאָן, און דאָס האָט זי אָנגעפילט מיט שטאָלץ, ס׳איז דאָ ווער ס׳זאָל זיך אָננעמען איר קריוודע.

דערנאָך האָט זי אים דערציילט, ווי די פרוי איז געוווּיר געוואָרן. נישט פון איר, זי... האָט זיך געשעמט און מורא געהאַט... אפשר די קינדער... אפשר די ווענט... די פרוי האָט געשראָקן, אַז זי וועט אוועק צו אירע עלטערן. ער — אַז זי טשעפּעט זיך אומזיסט...

שפּעטער האָט מען זיך איבערגעבעטן, מען האָט געשיקט רופן איר מוטער און אָנגעזאָגט, אַז מ'האָט באַשלאָסן אינגיכן אָפּפאָרן קיין ריאָ, און זי, מאַריאַן, װעלן זיי מיטנעמען — זי איז שוין געוווינט מיט די קינדער. א חוץ דעם — האָבן זיי געטענהט — „וואָס וועט איר מיט איר דאָ טאָן, אין דאָרף?"

פּאַר פּאולאָן איז שוין איצט אַלץ קלאָר געוואָרן, ער האָט שוין פאַרשטאַנען פאַרוואָס דער טענענטע האָט באַשלאָסן איבערפירן זיך אין שטאָט אַריין: ער האָט מורא געהאַט פאַרן „פּעלצל"... מיט „גאַושאָס" שפּילט מען זיך נישט; א חוץ דעם, וואָלט אַרויס א סקאַנדאַל. ער האָט אויסגערעכנט, אַז פון דער וויטנס איז לייכטער צו פאַרווישן די שפּורן...

דערפאַר אײַלט ער זיך אַזוי מיט דער חתונה... נאָר ביים גלח וויל ער!... האָט געטראַכט פּאולאָ.

זיין חתונה מיט מאַריאַן האָט מיטאַמאָל ביי אים פאַרלוירן דעם פריערדיקן צויבער. אויפן האַרצן איז אים געוואָרן פּוסט, פּאַסקודנע. זיין פאַרשטאַנד, אָבער האָט אינגאַנצן זי פאַרטיידיקט.

— „טאַ באָס"... *) אַזוי איז שוין... אַלץ איז פאַר זיי... — האָט ער אַראָפּ־געשלונגען א טיפן זיפץ — הער מאַריאַ! מיר וועלן נאָכזוכן א שטיבל הינטער דער שטאָט. איך האָב אָפּגעשפּאָרט א פּאָר מיל, וועלן מיר איינקויפן דאָס סאַמע נויטיקסטע. שפּעטער וועלן מיר איינפירן הינער, גענז, מיט דער צייט קויפן א ציג און פירן א שטיקל באַלעבאַטישקייט. חתונה האָבן ווי דיין טענענטע וויל, ביים גלח — וויל איך נישט... זאָל ער זיך מיט אים אַרומנעמען...

אָפּגערעדט, האָט מען באַשטימט א טאָג צו פאָרן נאָכזוכן א שטיבל.

---

עס זיינען אוועק עטלעכע טעג. מאַריאַן האָט מען נישט געזען, — ס'האָט אויסגעזען, אַז מ'באַהאַלט זי אויס.

*) „טאַ באָס" — נו, גוט.

און אין אַן אינדערפרי, האָט מען פּאולאַן געשיקט רופן צום ריכטער פון מינדעריעריקע און דאָרט איז ער געוואָרן, אַז ער ווערט באַשולדיקט פונעם טענענטע אין פאַרפירן די מינדעריעריקע מאַריאַ — דעם טענענטעס דינסט.



— וואָס, ס'איז טאַקע נישטאָ היינט קיין ברויט?! — גיט מאַניע אָן איבע־ראַשטע אַ פרעג דעם באַלעבאָס פון דער בעקעריי און כאַפּט דערווייל אַ קוק אין די ליידיקע פּאָליצעס.

זאָל זיין נעכטיקס! — אויך נישטאָ?!...

דער באַלעבאָס, אַ מאָדנע צעטראָגענער, באַטראַכט זיפצנדיק די אריינקו־מענדיקע קונדן, פּאָרעט זיך ביי פאַרמעליקטע זעקלעך און גיט אַ קוים מערקבאַרן ווינק מיטן אויג צו מאַניען, זי זאָל אים נאָכגיין הינטער דער באַשפּיגלטער טיר.

— אַלע — ברויט! — זידט פון אים אַרויס. — ווו וועל איך זיי נעמען אַזויפיל ברויט? זיי שטרייקן דאָך, די הינט... אַפילו קיין איינער צו דער אַרבעט נישט געקומען! דערווייל וועל איך נישט לאָזן מיינע לאַנגיעריקע קונדן פאַסטן. געזען זיי קומען נישט, האָב איך אַליין פאַרקאַטשעט די אַרבל, מיט נאָך אַ פּאָר איי־גענע מענטשן, און מ'האָט אָפּגעבאַקן אַביסל ברויט, אָבער טאַקע נאָר אַ ביסל... אָנווייזנדיק אויף אַ זייטיקער טיר אין קאָרידאָרל, גיט ער צו שטיל:

— גייט אַרויס אויף דער הינטער טיר, וועל איך אייך אַרויסגעבן אַ ברייטל. אָבער פאָרזיכטיק! זיי היטן אין אַלע ווינקלעך, די וואַגאַבונדן; פאַרטאָג האָט מען געפּאַקט מיין ברודער אַרויספירן אַ וועגעלע ברויט, האָט מען אים אַזוי צעבלוטיקט, אַז ש געמוזט ברענגען די „אַסיסטענסיאַ”. *)

צוריקגייענדיק צו די קונדן, וואָס האַלטן אין איין אָנפילן די בעקעריי, וואָרטשעט ער צו זיך:

— שטרייקן גאָר... וואָס פאַראַ קרענק פעלט זיי?... אַרבעטן וויל מען נישט — דאָס איז עס! מ — מ — ווען אויף מיר... און באַ אונדז לאָזט מען זיי נאָך הוליען פראַנק און פריי: אַנטי־פאַשיסטאַ... אַנטי־געריירע פאַרזאַמלונגען... דער טייוול ווייסט נאָך וואָס...

---

*) „אַסיסטענסיאַ” — גיכע הילף.

אַן עלטערע, צעוואַקסענע פּאָרטוגעזערין, די קעכין ביים גלח פונעם דער־בייאיקן קלויסטערל, וואַרטנדיק אויף ברויט, קרישלט דערווייל מיט די פעדער־שטע, פּאַרפוילטע ציינער ניסלעך, וואָס זי האַלט אין איין שלעפּן פון אַ קעשענע אין ברייטן געקעסטלטן פאַרטוך; אויסהערנדיק דעם באַלעבאָס טענות, שאָקלט זי אים צו מיטן קאָפּ; אירע אָפּגעכליאַקעוועטע, מיט פעטס־פאַרלאָפענע אייגע־לעך, איר האַלטן אין איין מעלה־גרה׳ן — דערמאָנט אַן אַלטע קו.

זי דערציילט פאַר צוויי נעגערטעס וואָס שטייען לעבן איר:

— דער גלח אונדזערער, איז נעבעך אויפגערעגט — קיין קאַווע היינט נישט געטרונקען... זיי פאַרשוועכן — זאָגט ער — אַלץ וואָס איז הייליק, אַפילו פון גאָט לאַכן זיי אָפּ... באַהיט הייליקע מאַריע: — גיט זי אַ שפּיי אויס, און צלמט זיך פרום.

— וואַרט: מישט זיך אריין דער אייגנטימער פון דער בעקעריי — מ׳וועט זיך שוין מיט זיי אָפּרעכענען! אונדזער פּאָליציי — גיט ער א ווינק און שמייכלט זיך צום סאָלדאַט וואָס שטייט אויף דער טיר — די פּאָליציי אונדזערע, האָט זיי נעכטן אויך נישט געשאַנעוועט. — אַלע שפּיטעלער זיינען איבערפולט... און טויטע — ווער ווייסט זיי וויפל? אָבער גוט, זיי־ע־ר גוט! — מאַניפעסטאַ־ציעס... דעמאָנסטראַציעס...

* *

*

אַרויסגייענדיק דורכן קאָרידאָרל, האָט מאַניע דערווייל געכאַפּט א קוק אין אַ זייטיקער האַלב אָפענער טיר, ווו עטלעכע פאַרדעכטיקע פאַרשוינען האָבן געאַרבעט. אויף גרויסע מיט מעל־באַשיטע טישן, האָבן זיי דאָרט אויף שנעל, זייער שנעל, אויסגעקנאָטן לענגלעכע שטיקלעך טייג, זיי אַריבערוואַרפנ־דיק אין אַ זייט און דערביי צעטומלט און דערשראָקן זיך אַלע מאָל איבער־געקוקט.

אויך אויף דער גאַס, האָט מאַניעס אויפמערקזאַמקייט געצויגן אַ יונגער יאַט, קענטיק איינער פון די שטרייקנדיקע בעקער; ער האָט זיך ארומגעדרייט הין און צוריק, נישט אַראָפּנעמענדיק זיין פאָרשנדיקן בליק פון דער הינטער־טיר. דערזעענדיק זי איז ער געבליבן שטיין. די הענט אריינגערוקט אין די הויזן־קעשענעס, האָבן זיינע קלוגע, עטוואָס פאַרזשמורעטע אויגן, פילדייטיק אַריינגעדרונגען אונטער איר אָרעם, ווו עס איז געווען צוגעדעקט דאָס ברייטל. ער האָט באַמערקט ווי זי איז בלייך געוואָרן, ווי אירע הענט האָבן אָנגעהויבן ציטערן, איז ער מיט אַ באַדויערנדיקן שמייכל אַוועקגעגאַנגען. ווייטער מיט אַ

פּאָר טריט, איז ער געבליבן שטיין, געשאָקלט ווייטיקלעך מיטן קאָפּ און מיט אַ געפיל פון פאַרדרוס געמישט מיט האַס, האָט ער אַ ציל געטאָן אין דער ריכ־טונג צו יענע פאַרקויפטע נפשות, וואָס פאַראַטן קאָלעגן. זיינע פאַרמאַזאָליעטע הענט האָבן זיך אָנגעהויבן ביילן אין פויסטן.

די לעצטע נייעסן, וואָס די פאַרביי יאָגנדיקע ציימונגס־פאַרקויפער האָבן גע־האַלטן אין איין אויסרופן — וועגן די אויסברעכנדיקע שטרייקן, אַלס פּראָטעסט קעגן דער ברוטאַלער האַנדלונג פון דער פּאָליציי בעת דער אַרבעטער־דעמאָנס־טראַציע; דער געשפּרעך אין בעקעריי און דערנאָך דער קאָמפּספּולער בחור — אַלץ צוזאַמען האָט מאָדנע געווירקט אויף מאַניען. נאָכמער יענער יאָט וואָס האָט זי פאַרהאַלטן מיטן ברויט. לעבן אים, האָט זי פּלוצים דערפילט אין זיך די אַמאָליקע מאַניעטשקע...

גייענדיק אַהיים, האָט זי פאַרחידושט געמורמלט:

— יאָ, יאָ... בראַזיל! שטייסט שוין נישט אָפּ! — זע נאָר וואָס־פאַרא שטו־רעם פון סאָלידאַריטעט עס האָט זיך מיטאַמאָל אַ הייב געטאָן!...

ביי די געדאַנקען איז זי שטיין געבליבן ביי זיך אויפן טויער, אָבער אַריינ־גיין האָט זיך נישט געוואָלט; יעדן פאַרבייגייער, האָט זי געקוקט אין די אויגן. דער היינטיקער אינדערפרי האָט איר אָנגעהויבן אויסזען אַנדערש ווי שטענדיק; אַפילו די פּראָסטע אָקעגנאַיבער, דיביימער און בלומען דאָרט, האָבן אויך אויס־געזען שענער, פרישער. און געפילן האָבן זיך אָנגעהויבן וועקן, יוגנטלעכע אויפלעבונג פליסן אין די אָדערן און אַ ליבער ניגון אויפטויכן; דאָס האַרץ האָט איר אָנגעהויבן האַסטיקער קלאַפּן, פּונקט ווי אַמאָל, ערב אַ לאַנג־דער־וואַרטעטן יום־טוב.

* *

*

דער זייגער אין עס־צימער, האָט שוין אויסגעקלונגען: צען. נאָר דעם אָנ־בייסן, האָט מאַניע באַוויזן צושטעלן און ער קאָכט זיך דאָרטן אויפן פייער. און ווייטער ווייסט זי נישט צו וואָס זיך פריער צו נעמען. געוואָלט האָט זי כאָטש אַביסל ברענגען אין אָרדענונג די שטוב, ביז דער מאַן וועט קומען עסן. — אָבער גיי טו, אַז אַלץ פאַלט פון די הענט! וואַלגערן זיך שוין אַ פּאָר צע־בראָכענע גלעזער אונטער די פיס... אויף די אויסגעטרעטענע פּאָלן שטיקלעך ציגאַרן און אַש; ברוינע פלעקן אויפן טישטוך, פון פאַרגאָסענע קאַווע; צעוואָרפענע קאָרטן. — אַלץ אַרום דערציילט, אַז די נאַכט האָט מען דאָ גע־מאַכט דעם אמתן „פּאָקער"...

דרייט זיך מאַניע אַהער, אַהין, און די אַרבעט רירט זיך נישט פונעם אָרט. דער קאָפּ איז איר שווער פונעם נישט דערשלאָפן און פול מיט איינדרוקן פון דער גאַס. זי וויל זיך דערמאָנען: ווען איז מען זיך צעגאַנגען? זי ווייסט נאָר אַז ווייטער מאַכן דעם אָנשטעל פון אַ גאַסטפריינדלעכער באַלעבאָסטע, איז שוין געווען איבער אירע כוחות, האָט זי זיך צוגעשפּאַרט.

ווען מאַרקוס האָט אַ רוף געטאָן:

— „דאָנאַ מאַניע!... אָנו לאָמיר זען אַ פרישן קאַווועלע! נאָר אַ קאַווועלע עס זאָל שמעקן!...”

האָט שוין דער „לייטיירא” *) געהאַט אָוועקגעשטעלט די מילך ביי דער טיר. נישט דערשלאָפן, און דערצו נאָך, דאָס בילד פון יענעם בחור וועלכער היט דאָרט די הינטער־טיר, און וואָס גייט איר נישט אַרויס פונעם מוח־בלייבט זי שטיין, גיט אַ נעם אַרום מיטן בליק דאָס גאַנצע רימל... און ווי אויף צו להכעיס דער אומאָרדנונג אין שטוב, די קאָרטן וואָס עקלען, וואָס שלאָגן איר צו דער גאַל, צו להכעיס דעם מאַן אירן, וואָס קען אָן זיי נישט אויסקומען, זעצט זי זיך גאָר אַריין אין וויג־שטול, אַנגעשפּאַרט אין ווענטל, די אויגן־דעקלעך לאָזן זיך אַראָפּ און אָפּאָטעמענדיק פרייער הייבט אָן שפּאַרן אין מוח די פאַר־גאַנגענהייט אירע, און עס לויפן אויף צוריק חדשים, יאָרן: פינף יאָר, צען... אויף די האַלב־אָפענע ליפּן צעשפּילט זיך אַ שמייכל פון אָנגענעמע דערינערונגען:

אָט זעט זי, ווי אַקעגנאיבער אין שפּיגל, די 17־יאָריקע גימנאַזיסטקע אין טונקל־גרינעם געפּאַסטן אוניפאָרם־קליידל, וואָס טיילט אויס אירע רונדע יונג־מיידלשע פאָרמען, אין ווייסן „פאַראַדנע” פאַרטוכל מיט שפּיצן... דאָס לויטערע פּנים מיט צעבליטע רויזן־פאַרבן אין די באַקן... אויגן — אויגן וואָס קענען גלעטן און וועקן אוןווירקן. — — — — — —

... און קיין האָניק, האָט זי גראָד נישט געלעקט דעמאָלט, אין דער גרויסער שטאָט: צוזאַמען מיט אַ פּאָר אָרעמע שילערינס אין איין צימערל, ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענער געגנט. נישט דערעסן. פאַר די עקזאַמענס דורך די נעכט איבערן ביכל. — די אויגן קלעפּן זיך, דער קאָפּ בעט זיך צום קישן און די ליפּן מורמלען — מורמלען אָפּט ביזן גרויען פרימאָרגן.

... באַלד נאָך דער גימנאַזיע — אַרומלויפן אויף לעקציעס. און נאָך אָפּ־שפּאָרן צייט פאַר אַ פּאָר אומזיסטיקע; נו און זיצונגען!...

*) לייטיירא — מילך־טרעגער.

זומער-צייט, אַהיים פאָרנדיק אין דאָרף אויף וואַקאַציעס, האָט מען אין איינוועגס געדאַרפט דורכשמוגלען אַ דרוק-מאַשינדל, אומלעגאַלע ליטעראַטור און אין דאָרף, דאָרט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די אַרבעט.

זי זעט פאַר זיך יענע מאַניעטשקע, איבערגעטאָן אַלס פּויעריש שיקסל, אויף אַ הויכן וואָגן היי, איבערפירנדיק „סחורה" פון דאָרף צו דאָרף; — דאָס אָפּ־זיצן אירם חדשים אין טורמע... דערנאָך דער שוועסטערס שטאַפּעטעווען מיט בריוו, אַרויסצונעמען זי קיין בראַזיל. מאַניע דערמאָנט זיך, ווען די שיפס-קאַרטע איז אָנגעקומען, ווי איר משפחה, אַ משפחה „איינגעטינקען" אין יחוס, האָט געדאַנקט גאָט, אַז מ'האָט זי שוין געזען פון יענער זייט גרעניץ.

— און די בריק וואָס האָט זי געפירט אַהער... די גאַנצע צייט איבער דער בריק, וואָס האָט דערוויל געשלונגען מיט ביטערע פּילן געמישט, אירע טעג, וואָכן, חדשים. אַזוי קעגן ווילן, איז זי ביסלעכווייז אַריינגעדרייט געוואָרן צווישן די רעדער פון דער בירגערלעכער רוטין, צוגעשטויסן געוואָרן צום קאַלטן שטיינערנעם באַריער פון דער היגער ווירקלעכקייט.

און אַט אַקעגן יענער, דער אַמאָליקער מוטיקער קעמפער, זעט זי, זיך — די איצטיקע דאָנאַ מאַניע, מאַרקוסעס ווייב, דאָס ווייב פון אַ געשעפטסמאַן מיט „וויזיטעס" און מיט קאַרטן...

טרערן שטעלן זיך אין די אויגן, הייבן זיך אָן קייקלען איבער די באַקן.
— וואָס איז געשען?!. — גיט זי זיך פּלוצים אַ כאַפּ ווי אַן אָפּגעבריטע. עס הייבט אָן שטיקן און זי פאַרהוסט זיך, קוים אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם. לאָזנדיק זיך לויפן אין קיך אַריין, בלייבט זי שטיין אויף דער טיר, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן: אַ געדיכטער רויך קנוילט זיך פונעם אויוון צו דער סטעליע. די אייבער־שטע טיילן, די ווענט, זיינען איינגעהילט אין אַ געדיכטער שוואַרצקייט; אַ ריח פון פאַרברענט פלייש און פעטס, רייסט אין האַלדז און אַן אָנגעברענט טעפּל קנאַקט, טרעשטשעט אויפן פייער.

קומענדיק צו זיך, גיט מאַניע אַ פאַרדריי דאָס קרענטל פונעם גאַז, צעעפנט דאָס פענצטער, די דרויסנדיקע טיר און דערנאָך בלייבט זי שטיין ביים פאַרקוי־לטן געקעכטס און זיפצט: אַ טראַכט טאָן קען מען זיך נישט פאַרגינען... אַ קנעכט אַפילו צום טעפּל!

און פון צווישן די רויכערדיקע קוילן דאָרט, קוקט אַרויס אַ קליין שטיקל „אָפּגעראַטעוועטע" קאַרטאָפליע. דאָס נישט געשעדיקטע, ווייס פאַרבליבענע שטיקל קאַרטאָפליע, קוקט אַרויס פון יענער פאַרסמאָלעטקייט צו מאַניען און שלאָגט אָן אַ געדאַנק, אַ צווייטן, וועקט געפילן ריין-געלייטערטע. פאַרטראַכט, רעדן זיי פון איר שטיל אַרויס:

„מיט מיר, זעט אויס, האָט אויך דאָס זעלבע פּאַסירט!... פאַרטשאַדעט געוואָרן דער געוויסן!“

„אָבער דער — עפּעס“ — דאָס נישט פאַרברענטע, דאָס וואָס האָט זיך נאָך אָפּגעראַטעוועט, דאַרף מען אויפהאַלטן אין זיך, נישט לאָזן פאַרקוילט ווערן“.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

גרייטנדיק אויף שנעל עפּעס צום אָנבייסן, טראַכט שוין מאַניע:

— דאָ, דאָרט — איין וועלט! וואָס זשע, די היגע שטרייקערס, די ווייבער זייערע און קינדער, נויטיקן זיך נישט אין הילף, זיי דאַרפן נישט עסן?...



גאנצפרי, אראָפּגייענדיק אין גאס, האָט רייזל אזש א צוק געטאָן מיט דער פּלייצע, אויפגעציטערט מיט יעדער אבר פון דער פייכטער קעלט.

דער קאָפּ האָט איר ווײ געטאָן און איז געווען שווער ווי בליי.

יענע נאכט האָט געהאלטן אין איין רעגענען און א נאסער ים-ווינט האָט מיט שטורעם און פייפעריי ווילד געבושעוועט, זיך געריסן אין דער אפּארטא-מענט-וווינונג, פון אונטער טיר און פענסטער. די מוטער אין רייזלען האָט זי נישט געלאָזט איינליגן, איז זי אלעמאָל אראָפּגעלאָפן איינדעקן די קינדער און ווען עס האָט אנגעהויבן טאָגן, אין זי שוין אויפגעשטאנען, אויף די שפּיץ-פינגער אריין אין קיך, געמאכט קאווע, אויפגעזאָטן די מילך און גענומען זיך איילן אויף דער „פּיירע" *) איינקויפן.

איינציענדיק אויף זיך שטייפער דעם מאנטל, איז זי פאַרזיכטיק אריבער געגאנגען דעם גליטשיקן אספאלט-וועג און געלאָזט זיך גיין מיטן ים-ברעג. דער ברייטער וועג האָט איר, ווי פארשלאָפן, נאָכגעקוקט מיט נאסער שווארצקייט; דער הימל, די בערג אוןביימער האָבן נאך ארומגעשוווּמען אין גרויען נעפּל און דער אש-קאָלירטער ים, האָט געברויזט, געשטורעמט און אויפגעהויבן מוטנע בארג-כוואליעס; און פלוצים, ווי עס זאָל זיך אים מיטאמאָל א פארגלוסט טאָן, האָט ער מיט א רוישיקן קנאַק א שליידער געטאָן מיט א כוואַליע מעטערוּווייז-ווייט איבערן שטיינערנעם באריער, איבער ביימער, איבער האלבן וועג, און טאקע באלד — מיט א טומל און שפּריצעריי, קנוילנדיק אין ווייסן שוים, צוריק מיט איר א קלאַפּ געטאָן אויפן זאמדיקן ברעג.

אָפּגעשפּריצט פון קאָפּ ביז פיס, האָט רייזל שוין גענומען צוריק גיין און זיך פארנעמען ווייטער מיט דער פארבויעטער זייט. זי איז געגאנגען לעבן די נייע פילשטאָקיקע געביידעס און אָפּגעזונדערטע, רייכע ווילעס, וווּ אלץ איז נאָך געווען פארמאכט און פארשלאָסן. דורך געשליפענע, גלעזערנע טירן, האָבן פון דאָרט ארויסגעקוקט רויט-טאפּעטירטע טרעפּ, קריסטאָלענע הענג-לאָמפּן,

---

*) „פּיירע" — מאַרק.

מאַרמאָר און שפּיגל; און פון דעם אינעווייניקסטן לוקסוס, האָט צום קויטיקן, גרויען אינדערפרי, ווי ארויסגעבליקט אַן אויג מיט אומצטרוי, אַן אויג אַ שטאַרס און אַ קאַלטס.

אַן עלטערער מענטש, אַ געשטרעקטער, מיט אַן אויסזען פון אַן ענגלענדער, אָנגעטאָן אין אַ וואַרעמען־געקעסטלטן סלעק, מיט אַ שאַרף אַרום האַלדז, איז ארויסגעקומען פון אַן אויפגעשלאָסענעם ווילע־טויער, פירנדיק אויף אַ קייטעלע אַ קוטשעראַווע געשוירן הינטל, אויף וועלכן ער האָט אַלעמאָל צורעכט געמאַכט דאָס געשטריקטע מענטעלע.

פון ווייטנס, האָט עפּעס אַ טונקעלער קנויל געצויגן רייזלס אויפמערקזאַמקייט. מיטן דערנענטערן־זיך האָבן דייטלעכער זיך אָנגעהויבן אויסטיילן צענויפגעקאָרטשעטע מענטשלעכע גלידער. צוקומענדיק ביזן רעגירונג־שפּיטאָל, האָט זי באַמערקט ווי ביים טויער, אויף אַ צעמענטענער באַנק, איז געזעסן אַן איינגעהויקערטער, אַלטער נעגער און געציטערט מיטן גאַנצן קערפּער.

פון ערגעץ האָט זיך פּלוצים באַוויזן נאָך אַ נפש. רייזל האָט פאַרלאַנגזאַמט די טריט.

— הו־ו־ו!... — האָט דער אַלטער אָנגעהויבן רייבן אַ האַנט אין אַ האַנט.
— איז דאָס געוועזן אַ נאַכטעלע! כ'בין דאָ שיעור נישט פאַרפרוירן געוואָרן...

דער יונגערער — אַ ווייסער, וועמענס איינגעניורעטן קאָפּ מ'האָט קוים ארויסגעזען פונעם אויפגעשטעלטן קאָלנער — איז געשטאַנען, איין פּאָלע פון זיין רעקל ענג פאַרצויגן איבער דער צווייטער און די ציטערדיקע הענט פאַרלייגט אויף דער ברוסט:

איך — האָט ער אָפּגעענטפערט — האָב פאַרטאָג קוים זיך דערשלעפּט אין „באָטעקין" *) און אַריינגעכאַפּט דאָרט אַ „פּענסילינאַ" — ווען נישט... כ'גיי נעמען אַ צווייטע — גייסט מיט? — ער גיט אויף באָרג. אויב נישט, קען איך אים איבערלאָזן דעם גאַרטל — די הויזן וועלן מיט אַ שטריקל אויך נישט אַראָפּפאַלן...

דער נעגער, זיפצנדיק, האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין, ווייזנדיק אויף זיין קראַנקן פוס.

רייזל האָט אַ קוק געטאָן ווי ער איז געזעסן: איין פוס אונטער זיך, דעם צווייטן אַ פאַרשוואָלענעם, אַרומגעוויקלט מיט גאַזע, דורכגענעצט פון אייטער־

*) „באָטעקין" — אַ קליין, אָרעם קאַפע־הויז.

פלעקן — אויסגעצויגן אויף דער נאַסער באַנק; דאָס העמדל, די קורצע הויזן, דאָס שטיקל צייטונג, וואָס האָט צוגעדעקט זיין פלייצע — אלץ איז געווען דורכגעווייקט פונעם רעגן און צוגעקלעפּט צום לייב.

רייזל האָט באטראכט דעם ציטערדיקן אלטן און אין יענעם מאָמענט, האָט זי אויף זיך אליין דערפילט, די קעלט פון דער היינטיקער נאַכט, דעם רעגן און ווינט; ס'האָט מיט איר א שווידער געטאָן. זי איז שטיין געבליבן און נישט דרייסט אַ זאָג געטאָן:

— אויב דו ווילסט... קום מיט מיר! — איך האָב פאַר דיר א „טערנע", *) שיך, — קום! — האָט זי אים צוגערעדט, קוקנדיק אויף זיין קראנקן פוס. — וועסט גיין פאמעלעך, איך וווין דאָ נישט ווייט.

אָפּגייענדיק מיט אים א שטיקל וועג טריט ביי טריט, האָט זי זיך איינגעשטעלט אים א פרעג צו טאָן:

— האָסט ניט ווו צו שלאָפן?... און ארבעטן... ארבעטסטו שוין נישט?

דער נעגער איז געבליבן שטיין, זיך א קראַץ געטאָן אין קאָפּ צווישן די ווייסע קרייזעלעך, מאַכנדיק א פּרוּוו ווי אויף צוריקצוגיין. דערנאָך, פאַרציענדיק בייזלעך די ברעמען, מיט אומצוטרוי זי אָנגעקוקט און א בורטשע געטאָן אונטער דער נאָז:

— אַרבעטן... די „סעניאָראַ" *) ווייסט ניט, אז יונגערע פון מיר גייען אויך ארום אָן ארבעט? אז מענטשן גייען כמעט אוים פון הונגער?... — ביי די רייד איז ער געבליבן שטיין און זיך אויסגעדרייט אין דער ריכטונג צום שפּיטאָל. שאָקלענדיק מיטן קאָפּ האָבן זיך זיינע אויסגעלאָשענע אויגן אָנגעפילט מיט טרערן. — נעכטן געבראכט זי, דאָס טעכטערל מיינס אהער... געשלעפּט זיך מיט איר צופוס א גאנצן טאָג. — „פּאָטערל" — האָט זי זיך געבעטן — איך קען נישט מער! לאָז מיך אויסגיין דאָ"...

— צו שפּעט האָט ער געזאָגט, דער דאָקטער. — פון וואָס?... א יונגביימעלע...

ווייטער האָט ער שוין גערעדט ווי צו זיך אליין: געהאט א „באראקאָנדל" יאָרן זיך דאָרט אויפגעהאלטן אין די בערג פון „סאנטאַ אנטאָניא". די אלטע מיינע און איך — האָבן צונויפגעשלעפּט א ברעטל מיט א ברעטל, אליין

---

*) „טערנע" — אָנצוג

*) „סעניאָראַ" — מאַדאַם.

געמאכט. זי פלעגט וואשן פרעמדע וועש, די קליינע פלעגט א פּאָר מאָל אין דער וואָך פון דער „פּיירע" צוזאמענקלייבן צווישן די זעקלעך א ביסל „פּייזשאָן",*) אביסל רייז, אַפּפאל פון גרינוואַרג — איז מען ווי עס איז אויסגעקומען. נו... איז געקומען א „קאָמפּאַניע", אָפּגעקויפט ביי דער רעגירונג די ערד... גענומען בויען „עדיפיסיאָס" און אָרעמע-לייט וואלגערן זיך אויף דער גאס... ווי די שטשורעס, פאר וועמען מ'האָט אלע לעכער פארשטעלט.

אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, האָט רייזל שוין געשוויגן ביז אהיים. זי האָט געטראכט וועגן דאכלאָזע זקנים, וועגן קינדער וואָס גייען אוים פון הונגער, וועגן די אָרעמע לייט וואָס מ'האָט אַנגעטריבן פון די בערג, און געזען אין געדאנק די גליקלעכע שטשורעס, וואָס כאַפּן זיך אמאָל ארוים פון צווישן די ברעג-שטיינער, קוקן זיך דערשראָקן ארום מיט די קליינע זשמורענדיקע אייגעלעך און אנטלויפן גיך צוריק אין זייערע נאָרעס.

— האָבן זיי וווּהין צו אנטלויפן... ווו אויסצובאהאלטן זיך...

צו די געדאנקן אירע גיט זיך א רוק צו נאָך איינער און נאָך מיט א פראגע דערצו:

— און ווען דו אליין... די קינדער דיינע... דארפן שלאָפן אין אַזאַ נאכט אין דרויסן?...

א גרויל נעמט דורך, און זי דערפילט זיך ווי שולדיק פארן אלטן, פאר זיין טעכטערל, וואָס איז אויסגעגאנגען פון הונגער.

* *
*

עס זיינען אריבער נאָך אכט טעג.

מיטן זעלבן וועג איז רייזל נאָכאמאָל געגאנגען איינקויפן. דאָס מאָל איז גראד געווען א שיינער אינדערפרי. אַן אַנגענעם ווינטל האָט געפרישט און געגלעט; ווייסע ים-פייגל, אראָפּלאָזנדיק זיך מחנותווייז איבערן לויטערן וואסער-פלאך, האָבן נידעריק געפּאטשט מיט די פליגל; די אויפגייענדיקע זון האָט געשפּרייט איבער די רואיקע וואסערן איר גאָלדענעם אָפּגלאַנץ; דער ארום איז געווען אזוי לויטער און ריין, ווי א ניי געבוירן לעבן.

רייזל איז געגאנגען לאנגזאם, ארייַנאָטעמענדיק פולע לונגען מיט פריש-צוגעזאלצענער לופט און קוויקנדיק זיך מיט דער רחבות'דיקער ארומיקער נאטור-

*) „פּייזשאָן" — שוואַרצע פּאַסאָליעס.

שיינקייט. ווען זי איז צוגעקומען צום רעגירונג־שפּיטאָל, איז דאָרט ווי יענע וואָך, איצט אויף דער ערד, צוגעשפּארט צו א בוים, געזעסן דער זעלבער נעגער מיטן קראנקן פוס. אין דער האנט א צעקנייטשטער קאפּעליוש מיט עטלעכע דריבנע ניקל. ס'האָט א וויי געטאָן פון אים מיט היימישקייט איר מאָנס העמד, זיין רעקל. האָט זי דעם אלטן אָפּגעגעבן א גוטמאָרגן. ער האָט זי אויך דערקענט און געמאכט א פּרווו צו פאַרדעקן די נדבות.

ווייטער גייענדיק האָט זי שוין מער נישט באָאָבאַכטעט די נאַטור־שיינקייט. זי האָט געטראכט וועגן קריזיס אין לאנד. ווי האָט ער געזאָגט דער אלטער: „יונגע קענען אויך קיין ארבעט נישט קריגן" און אויב יאָ... די גרויסע פאַרדינסטן, מ'שטיינס געזאָגט, אין פאַרגלייך מיט די שטייגענדיקע פּרייזן אויף דעם נויטיקן. דאָס ביסל „פּייזשאָן" מיט רייז, ווערט פון טאָג צו טאָג טייערער. — מיט וואָס־זשע קען דער אָרעמאַן אויפהאלטן די נשמה?... דערפאַר הערט מען נאָר פון גנבות, און בעטלער האלטן זיך אין איין מערן.

*　　*

*

צוריקגייענדיק פון דער „פּיירע" מיט א שווערן קויש, מיט פּעקלעך און מיט א לאַסט פון פליכטן וואָס וואַרטן אין דער היים, איז דער נעגער אויסגע־וואקסן לעבן איר.

— דאָס האָב איך געקויפט פאַר דער „סעניאָרא" האָט ער געשטאַמלט, אויסשטרעקנדיק איר א בינטל מיט עטלעכע בלומען.

רייזל איז געוואָרן צעחוש'ט:

— „זע נאָר, — פאַרוואָס עפּעס קומט מיר בלומען?!"

דער אלטער האָט אָנגעהויבן שטאַמלען באַליידיקט: „געקויפט פאַר געלט!..." טרערן האָבן זיך אזש געשטעלט אין זיינע אויגן, און די עטלעכע בלומען האָבן אָנגעהויבן ציטערן אין דער אויסגעשטרעקטער האנט.

טיף גערירט, האָט זי צוגענומען זיין געשאנק, אָבער נאָך אַלץ געשטאַנען אין פאַרלעגנהייט נישט געפינענדיק דאָס פּאַסיקע וואָרט, די פּאַסיקע האנדלונג. דער אלטער האָט איר ארויסגעהאָלפן:

„סעניאָרא מערעסע, טעם באָם קאָראסאָן"! *)

---

*) „די מאַדאַם איז עס ווערט, האָט אַ גוט האַרץ!"

מיט אַ פריינדלעכן שמייכל אלם דאנק, האָט זי זיך געלאָזט אהיימגיין און איבערן גאנצן וועג געהאלטן אין איין קוקן אויפן זעלטענעם געשאנק פונעם בעטלער. זי האָט געקוקט אויף די בלומען און זיי האָבן מאָדנע געווירקט אויף איר, ארויסרופנדיק אַן איבערפלוס פון געפילן, געמישט מיט ווארעמער אינער־לעכער פרייד. לויטערע געדאנקען זיינען אויפגעקומען און זי האָט זיך אין זיי אַנגעהויבן דערקענען, דערקענען אירע יוגנט־שטרעבונגען נאָך „אוים אָרעם אוים רייך", נאָך אלגעמיינער פארברידערונג. דערביי האָט זי אויך געטראכט, ווי דער גרויםשטאָטישער מענטש איז שטענדיק פארטאָן, פאריאָגט:

— וויפלמאָל קען מען פארבייגיין יענעמס ליידן און זיי נישט דערפילן?...

— וויפלמאָל גייט מען דורך אַ צעבליטן גאָרטן און מ׳באַמערקט נישט זיין שיינקייט, מ׳פילט ניט זיין גערוך? און אַ צופאַל ווי דער איצטיקער, אַ האנד־לונג וואָס קומט פונעם הארצן, גיט אַ שטויס, וועקט אין דיר מיטגעפיל, אַנטפּלעקט די נשמה־ריינקייט פונעם ערלעכן מענטשן, וואָס שטראַלט ארוים פון זיין דאנק־בארקייט — פון די בלומען.

מיט אַן אָפן הארץ — זאָגט מען — עפענען זיך די אויגן: אוועקזעצנדיק זיך אָפּרוען אויפן צעמענטענעם באַריער, קוקט זי זיך ארום אנטציקט, ווי זי זאָל דאָס ערשטע מאָל דערזען די געגנט אין איר גאנצער פראכט. — אַזאַ הימל לויטערקייט! די באַגרינטע בערג וואָס קייטלען זיך איינער אין צווייטן און אין זייער שוים — דאָ און דאָרט — איינגעטונקען אין גרינס, ווייסע שטיבלעך מיט רויט־געפארבעטע דעכער, און צופוסנס — ביים ברעג — צוגעאנקערטע פישער־שיפלעך, און דער דורכזיכטיקער גרינלעך־בלויער ים!...

רייזלס גוטמוטיקע פּנים ווערט געלייטערטער, די בלויע אויגן־טיפער: ווי שיין! מ׳וואָלט געקענט לעבן, נאָר מ׳לאָזט נישט... — רייסט זיך ארוים ביי איר אַ זיפץ.

פון קינדוויז אָן האָט זיך אין איר עפעס געבונטעוועט, אָט לעבט אויף אַ האָפענונג וואָס פלעגט זיך נעסטלען אין איר יונג־מיידליש הארץ: זי וועט זיין אַ לערערקע! — זי וועט צונויפנעמען ארום זיך אלע אָרעמע, פונעם לעבן־געקרי־וודעטע קינדערלעך, זייי פארגיטיקן, ארומרינגלען מיט צערטלעכקייט, לערנען — געבן זיי דאָס צו וואָס זי אליין האָט זיך געצויגן און נישט געקענט דערגרייכן.

דערווייל האָט זיך שוין די זון אויפגעהויבן העכער, און ס׳איז געוואָרן היים. רייזל גיט זיך אַ כאַפּ: עס דאַרף שוין זיין שפּעט! באלד דאַרף זי שוין גיין אָפּנעמען די קינדער פון דער שול. זי הייבט זיך אָן איילן.

ווייטער אביסל שפּארט זי זיך ווידער צו, און נאָכאמאָל איז געגונג אַ קוק אויף די בלומען זיי זאָלן ארויסרופן אנדערע דערינערונגען: שוין דאָ אין בראזיל,

נאָך דער חתונה, נישט קענענדיק זיך צופּאַסן צום היגן יידישן שטייגער-לעבן, ווי זי האָט געהאַלטן אין איין צורעדן דעם מאַן מ׳זאָל ארויספאָרן אויף א קאָלאָניע. א פּלאַן האָט זי שוין געהאַט אויסגעוואַרמט: צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע היימישע פאַמיליעס, גרינדן א קאָלעקטיווע ווירטשאַפט; אין דער פאַנטאַזיע האָט זי שוין געזען זיך רחבותדיק-ציענדיקע גרינע פעלדער; בלומען-גערטנער ארום א געמיט-לעכער, געמיינזאַמער וווינונג, א ביבליאָטעק, א לייען און פאַרוויילונג-סאַלאָן, און די הויפּט-אידייע אירע — דערציען די קינדער אויף פּראָדוקטיווער ארבעט.

— יאָ... און דערווייל — שאָקלט זי טרויעריק מיטן קאָפּ — דערווייל רוקט זיך א יאָר נאָך אַ יאָר, אין טאָג-טעגלעכן קאַמף, מ׳ווערט פאַוואָלינקע א קנעכט פון די באַדינגונגען ביז ס׳קומט די ווירקלעכקייט, לאָכט דיך אויס מיט אַלע שיינע חלומות, און ווייזט ווי קינדער גייען אויס פון הונגער, ווי זקנים נעבעכיקן אויפן רעגן... און פאַדערט, אַז עפּעס מוז דערצו געטאָן ווערן.

רייזל הייבט אָן שפּאַנען גיכער, זיך איילן, ווי עמיצער זאָל זי הינטעריאָגן.



צווישן לייכטן דרימלען און וואכזיין, האָט רייזלען א הייב געטאָן פון בעטל.

זי איז געבליבן זיצן צעטומלט און דערשראָקן, און אירע ברייט-אויפגע־ריסענע אויגן האָבן זיך איינגעגעסן אין דער פינצטערניש פון צימערל. דאס קלאַפּן פונעם רעגן אין די שויבן, ווי מיט ביינערדיקע פינגער, האָט גענומען גליווערן איר אָפּגעשוואכטן קערפּער.

— ניין, ס'איז נישט קיין חלום! — האָט דורכגעשניטן א געדאנק — אָט קלאַפּט זי דאָך, די טויטע באבע!...

גלייכצייטיק הייבט זיך אָן קלאַמערן איר בליק אין א באַוועגלעכן פלעק אנטקעגנאיבער און עס דוכט זיך איר ווי דאָרט שוועבט ארום דעם פאָטערס קאָפּ... און באלד קען זי זיך שוין אינגאנצן ניט באהערשן. — ווייזיעס, געשפּענס־טער, איינע שרעקלעכער פאר דער צווייטער: אָט זעט זי זיך אין טויטן לאגער. ארום הרוגים, פארסמאלעטע ביינער, זי זעט ווי מען שטופּט אין קרעמאטאָריע אירע אייגענע, זי זעט זיי אין גסיסה-ליידן, זי שפּירט מיט יעדער אבר זייער וויי, זי הערט ווי עס ציט זיך צום הימל דער וויי-געשריי פון זייערע זיך אויס־לעשנדיקע לעבנס.

דאָס ניי-געבוירענע עופה'לע אין וויגל, צוגעשפּארט צום ראנד פון בעטל, האָט אָנגעהויבן וויינען וואָס אמאָל העכער, און זיין געוויין האָט רייזלען צעוואכט פון דער ווייזיע. קוים אויסגעשטרעקט די פייכטע האנט, האָט זי א קוועטש געטאן דאס עלעקטרישע קנעפּל, און א שוואכע שיין פון אונטער אן אבאזשורל האָט באגרינט דאָס צימער און אויסגעצויגן אומהיימלעכע שאָטנס אויף די ווענט. וויגנדיק דאָס קינד האָט זי נאָך אלץ אומרויק זיך ארומגעקוקט: דאָס טישל ווי נעכטן: א ציייטונג, א ביכל, דאָס זייגערל וואָס דער מאן האָט איבערגעלאָזט; אויפן בענקל, דאָס רענצל מיטן קינדער-וועש, און אויף דער אָפענער שאפע-טיר טריקנט זיך א ווינדעלע, און דער ווינט וואָס ווייעט אריין פונעם פענצטער פאָכעט עס הין און צוריק.

רייזלס בליק שטעלט זיך אָפּ אויפן ווינדעלע און זי אָטעמט אָפּ לייכטער. דאָס איז געווען, טראַכט זי, דער באַוועגלעכער פלעק וואָס האָט זיך אויסגעטיילט אין דער פינצטער, וואָס האָט אין איר אָפּגעשוואַכטן מוח פאַרפּלאָנטערט חלום מיט וואָר...

פונעם צווייטן צימער, איבער דער וואַנט, דערטראָגט זיך אַן אויסגעצויגענער קרעכץ פון א קראַנקן. דאָס קרעכצן צעדרויבלט זיך אין א ווידערקול איבערן פוסטן קאָרידאָר. א קראַנקן-שוועסטער אײַלט אין דער ריכטונג פונוואַנען עס הערט זיך אַן אומאויפהערלעך קלינגען פונעם רוף-גלעקל.

רייזלס אויפגעשפּיצטע אויערן כאַפּט אויף יעדן קלאַנג, יעדן שאָרך! דאָס קלאַפּן פון דעם רעגן אין די שויבן שטעלט איר ווידער אָפּ אויף א רגע דעם אָטעם; נישט געדאַרפט בלײַבן אַליין די ערשטע נאַכט. די באָבעס אַמאָל, טראַכט זי, האָבן שוין מער דערפאַרונגען געהאַט אין די זאַכן, נישט איבערגעלאָזט א קימפּעטאָרן אַליין, נאָר געהיט און באַרויקט אירע צעשרויפטע נערוון, אַרומגע-האָנגען מיט שיר המעלות, פאַרצוימט דאָס בעט מיט לײַלעכער אַז קיין שלעכט אויג זאָל איר ניט שאַדן.

דאָס קינד שלאָפט שוין נאָכאַמאָל, און די קימפּעטאָרן, פונם ליגן די גאַנצע צייט אויף דער פּלייצע — ווי דער דאָקטער האָט איר געהייסן — איז שוין ווי צוגעוואַקסן צום בעטל; דער קאָפּ טוט איר ווײ און איז אַזוי שווער ווי אָנגעגאָסן מיט בלײַ. וואָס זאָל זי טאָן? זי קלינגט צו דער נאַכט-וועכטערין צו בעטן א באַרויקונגס מיטל. אפשר וועט זי דאָך קענען אײַנשלאָפן.

נאָך די טראָפּנס איז זי געלעגן ווי אין א הינערפּלעט. דערנאָך האָט עפּעס ווי א פאַרבאָרגענער כוח, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט באַהערשן, אויפסניי זי אויפגעריסן. שוואַך, אָפּגעגאָסן פון שווייס, האָט זי געזוכט זיך צו העלפן און פאַרמאַכנדיק די אויגן, ווי אלס קינד אַמאָל, האָט זי אָנגעהויבן לאַנגזאַם ציילן, ציילן ביז הונדערט! און אַז דאָס האָט ניט געהאָלפן האָט זי גענומען אָפּפרישן אין איר זכרון דעראינערונגען פון אַמאָל, זיך צו דערוואַרעמען אין זיי. מאָמענטנ-ווייז איז איר געלונגען; ליגנדיק אַזוי מיט האַלב-צוגעמאַכטע אויגן, האָט זיך אויף איר אָפּגעבלייכט פּנים באַוויזן א צופרידענער שמייכל:

געווען איז זי א מיידל, וואָס האָט געהאַט דערפאָלג. אין דערזעלבער צייט זײַנען אַלעמאָל אָ דריי יינגלעך געווען אין איר פאַרליבט; אַן אָפּפרישנדיקע דער-אינערונג האָט ווי א קיל ווינטל א גלעט געטאָן איר געמיט: כאָטש א קינד פון אָרעמע עלטערן, אַן אַרבעטער מיידל, האָט זי זיך דאָך דערשלאָגן צו א שיינער פּראָפעסיע, א פאָטאָגראַפיסטן. זי דערמאָנט זיך ווי פון קינדווייז אָן האָט אין איר

געברויזט עפּעס א מין אינערלעכע אומרויקייט, און זיך געריסן צום אויסדרוק. זי פלעגט אלע וועגט פארשמירן מיט קויל וועלנדיק אָנצייכענען א טיפן וואלד, אינמיטן א וועג וואָס זאָל זיך ציען און פארלוירן ווערן ערגעץ ווייט! און אָט יענע טיפע וויטקייט האָט זי געוואָלט דערגרייכן. דאָס זעלבע איז אויך שפּעטער געווען מיטן שפּילן פידל! אויך איז איר געגאנגען ניט בלויז אין שפּילן, נאָר אין יענע טרעל פון די פינגער וואָס דריקט אויס נשמה־ציטער, וואס ווירקט און כישופט.

שפּעטער שוין ביים רעטושיר־ברעטל, אָפּגעזונדערט מיטן טונקעלעם טוך, מיט זיך אליין, האָט זי זיך דערפילט פריי אין איר קעניגרייך. איר אומרויקייט און סודותפולע בענקשאפט האָט ווי א לויטער קוואל־וואסערל געשטראָמט אין א באשטימטער ריכטונג.

ארבעטנדיק איבער א פּנים א צעקנייטשטס, א פארשאָטנס פון צייט און איבערלעבונגען, האָט זי יענע קנייטשלעך זאָרגפעלטיק אויסגעגלייכט, מילדערנ־דיק דעם אויסדרוק: אויגן אנטוישטע, אויסגעלאָשענע, — האָט זי מיט העלע פינטעלעך אין די שווארצאפּלען אויפגעלעבט. און וואָס פאר א באפרידיקונג און שאפונג־פרייד זי האָט דערביי געפילט! אַזוי, טראכט זי, האָט זי אויך געקענט א צווייטן באווירקן אין לעבן, אָנצינדן א לויטער פלעמעל אין יענעמס אויגן...

די זכרונות לעבן אויף ביי איר בילדער, געשטאלטן פון אייגענע און פון ליבע, דאָרט אין דעם בעסאראבער שטעטל ביים פּרוט. שפּעטער רייסט זיך ארויס ביי איר א טיפער זיפץ אין פארבינדונג מיט אַ בריוו פון דער איינציק־געראטעווע־טער שוועסטער וואָס געפינט זיך איצט אין ישראל: דאָס שטעטל האָט געברענט און אונדז האָט מען געהאלטן אין איין יאָגן אין דער ריכטונג צום „גאָלדענעם" בארג. זעקס וואָכן האָט מען אונדז געטריבן ביזן קאָנצענטראציע־לאגער; אויפן וועג זיינען מענטשן אוועקגעפאלן ווי פליגן פון הונגער און דאָרשט!!.. שוואך און אויסגעשעפּט הייבט רייזל אָן דרימלען און ווידער הייבן זי אָן פארפאָלגן גרויליקע קאָשמארן. האסטיק גיט זי א וואָרף אראָפּ פון זיך די דעק און קוקט זיך ארום. א שטארקער רעגן שמייסט אין די שויבן. דאָס זייגערל לעבן איר טיק־טאקעט שוין ווייט נאָך האלבער נאכט. זי קען זיך בשום אופן ניט מוחל זיין פארוואָס זי איז געבליבן די ערשטע נאכט נאָך דער קימפּעט איינע אליין. ווער האָט געוווסט? נעכטן פארנאכט האָט זי געפילט אזוי גוט, געווען אין אַזאַ זעל־טענער שטימונג. עטלעכע מאָל חזרט זי איבער אין געדאנק: נעכטן אינדערפרי האָט זי דאָך געזען די וועלט מיט גאָר אנדערע אויגן, נעכטן האָט זי זיך געפילט ווי נאָך א קריזיס פון א לאנג־דויערנדיקער קרענק.

די גאַנצע צייט פון שוואַנגערשאַפט איז זי געווען אין א האַלב־קרענקלעכן, האַלב־דרימלנדיקן צושטאַנד. פון טאָג צו טאָג האָט זי געפילט ווי זי זאָל פון זיך אַראָפּגעבן ענערגיע און לעבנס־שטאָף דעם נפשל וואָס וואַקסט אין איר. שטענדיק מיט געפיל פון איבל, האָט זי זיך קיין פלאַץ ניט געקענט געפינען. גלייכגילטיק צו אַלעמען, דער קאָפּ אַזוי פוסט ווי א שטייגל פון וועלכן אלע פייגל זיינען זיך צעפלויגן. ערשט שפּעטער מיט חדשים, ווען דאָס נייע לעבן האָט אין איר א צאַפּל געטאָן, האָט זי אָנגעהויבן דערפילן איר מוטער־פרייד און האָט אויפגעלעבט. ביי יעדן ריר פון דעם אין איר־צאַפּלדיקן באַשעפעניש, האָט זי אַרומגענומען אַזאַ פריידיקער ציטער. אָבער נעכטן פאַרטאָג, ביי די לעצטע געבורט־ווייען, האָט זיך איר געדאַכט אַז די גאַנצע וועלט מיט איר צוזאַמען גייט אונטער.

און נאָכן האָבן דאָס קינד איז זי געלעגן די ערשטע מאָמענטן מיט פאַרמאַכטע אויגן, מורא האָבנדיק זיך א ריר צו טאָן, אָפּצואָטעמען. זי האָט אויפגענומען די קערפּערלעכע באַפרייונג ווי א מין ווידערגעבורט.

ווען דער דאָקטער האָט זי באַגריסט מיטן ניי־געבוירענעם זונדעלע, האָט זי גלייכגילטיק א פיר געטאָן מיט די אויגן אין יענער זייט, ווו דאָס נפשל האָט זיך געוואָרפן און געווען איז איר דעמאָלט אַלצאיינס: א יינגל, א מיידל, אַבי איבערגעקומען...

ווען מ'האָט זי געפירט צוריק מיטן וועגעלע פון דעם אָפּעראַציע־צימער, האָט אַלץ צו איר געשמייכלט; אַלעמענס בליקן האָבן איר אַנטקעגן געטראָגן א ברייטן „מזל־טוב". דורך די אָפענע פענצטער האָט אַריינגעקוקט א לויטערער פרימאָרגן, שלאַנק־אויסגעצויגענע פאַלמען־ביימער האָבן גוטמוטיק געשאָקלט מיט די גרויסע שירעם־בלעטער, און די ערשטע זון שטראַלן האָבן צערטלעך געגלעט און אַריינגעשושקעט: „גוט יום־טוב, א מענטש איז געבוירן"! איז איר געוואָרן אַזוי פריילעך און א באַנייטער גלויבן האָט אינערלעך אָנגעהויבן זינגען און געוואָלט האָט זיך אויסשטרעקן די הענט פון א מאַמע און מיט ליבע אַרומנעמען די גאַנצע וועלט.

אַזאַ שטימונג, אַזאַ יום־טוב אין זיך האָט רייזל דערפילט דאָס ערשטע מאָל אין לעבן.

דאָס קינד הייבט זיך אָן קרימען און צעוויינט זיך נאָכאַמאָל, איבער־רייסנדיק דער מוטערס געדאַנקען. רייזל קוקט זיך איין אין זיין פנימל וואָס ווערט אַזש רויט פון קוויטשען; א זשמעניעלע שטופּט עס שוין אין פּיסקל! שמייכלענדיק מיט דערוואַכטער ליבע באַטראַכט זי די קליינינקע נעגעלעך וואָס זענען אויס ווי מאַניקירטע און רעדט צו אים מיט א חנדעלע:

— שטיל דו... קליינער פּרעסער!...

דאָס קינד איבערגעבונדן, שלאָפט שוין נאָכאַמאָל, און צו דער מוטער נעמט זיך אַלץ ניט קיין שלאָף. פון דרויסן הערט זיך שוין דאָס געקלאַפּ פון בלעכן אין וועלכע מען האָט געבראַכט די מילך און רייזל איז אויסגעמאַטערט און וואַך. נעמענדיק די ציימונג פונם טיש׳ל דערמאַנט זי זיך אין דעם נעכטיקן פאַרבאַט פון דעם דאָקטער. זי וועט דען לייענען? נאָר איבערקוקן די קעפּלעך.

בלאַנדזשענדיק מיט די אויגן איבער דער ערשטער זייט, כאַפּט זי אויף האַלבע, שטיקלעך זאַצן: „פאַרקויפט געוואָר" — „קויפן געוואָר" — „פּרעווענ־טיווע מלחמה" — און נאָכאַמאָל געוואָר, פון וואָס עס פאַרגייט אַזש מיטן ריח פון פּולווער. רייזל שטופּט אָפּ פון זיך די ציימונג זיפצנדיק:

— ווידער!... זאָלן אויף נישט פאַרהיילטע וואונדן...

זי דערמאָנט זיך אין די נעכטיקע געבורטס־ווייען און שוידערט אויף.

דערנאָך, ווי אַלץ אין איר און ארום איר האָט געיובלט: „א ניי לעבן! א מענטש איז געבוירן"! און שוין: געפּאַקט און געמאָזלט, אַרויסגעשלעפּט פון אַלע צרות — נו!...

אַקאָמפּאַנירנדיק איר שווער געמיט, בושעוועט אין דרויסן דער ווינט, ברעכט און וואַרפט מיט צווייגן, און רייסט דאָס פענצטער — דער בייזער ווינט, ווי ער זאָל זיך פאַרמעסטן אויסצוּוואָרצלען אַפילו דאָס מינדסטע גרעזל, אַלץ וואָס רייניקט די לופט, וואָס באַהויכט און באַפרישט דאָס לעבן.

די קימפּעטאָרן, צוהערנדיק־זיך צום ווילדן געוויטער, קוקט מיט א שווער האַרץ אויף איר עופה׳לע און די געדאַנקען אירע שפּינען, ציען דעם פאָדעם אין דער זעלבער ריכטונג, ביז זי דרימלט איין. אין דרימל הייבט זיך אָן אַרויסצורוקן פונעם מוח עפּעס אַן אָפּגעדרוקט בילד:

א פעלד נאָך א שלאַכט, אויפגעריסענע ערד רויכערט זיך דאָ און דאָרט. מענטשלעכע קערפּערס ווי אונטערגעשניטענע זאַנגען, א לאַסטוואָגן פונעם רויטן קרייץ רוקט זיך, רוקט זיך לאַנגזאַם צווישן אָוועקגעשמיסענע, פאַריתומטע, איינצעלנע גלידער; קראָען שוואַרצע, פון אַלע זייטן, דרייען זיך נידעריק אין „שדים־טאַנץ", פּאַטשן גיריק מיט צעשפּרייטע פליגלען. פון צווישן די קוסטעס באַ א טייכל, דערטראָגט זיך א כאָרכלעריי פון א גוסס, צו וועמען די סאַניטאַרן מיט א שוועסטער דערנענטערן זיך, א יונג סאָלדאַט׳ל זשיפּעט נאָך דאָרטן. די באַקענע קליידער, פאַרבלוטיקט אויף עטלעכע ערטער, דערציילן אַז ניט איין קויל האָט אים דורכגעלעכערט. ער איז שוין כמעט אומבאַוועגלעך; נאָר די בלויע ברייט אויפגעריסענע אויגן — א ים מיט ליידן... און פון די יסורים־פולע אויגן קוקט

ארוים אַן אומשולדיק קינדערשער „פאַרוואָס"? דער פאַרוואָס בלייבט הענגען דאָ אויף אַן אויסגעוואָרצלטן בוים מיט אָפּגעבראָכענע צווייגן, דאָ אויף אויפגעריסענע ערד, געמישט מיט מענטשלעכע גלידער.

רייזל קוקט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, עסט זיך איין אין סאָלדאַטלס פּנים ווי מיט טויזנטער אויגן — ס'איז איר אַזוי אייגן... — ס'איז דאָך איר קינד!

זי גיט זיך אַ זעץ אויף, זי צעשפּרייט די הענט ווי צו באַפליגלען, צו פאַרהיטן, און אַ פייערדיקער בליק, אַ בליק פון אַ מאַמע־מענטש צו אַ מאַמע־חיה, ביי וועמען מ'וויל אוועקרויבן איר קינד, שניידט זיך אַריין מיט אַ קללה אינעם פאַרטאָגיקן חושך.



# א קינדערישע תפילה

(פונעם ווייטן, ליבן אמאָל)

געווידמעט די קינדער מיינע:

זשאַקאָב און קלאַרינאַ, אַאידא און גאָלדעלע

דער הימל האָט פון זיך שוין אראָפּגעוואָרפן דעם ווינטערדיקן מאַנטל; גרויענקע וואָלקנדלעך צעשווימען זיך, ווערן וואָס אַמאָל דורכזיכטיקער, שיטערער.

ערשטע קינדעריש־חנעוודיקע פרילינג־שטראַלן גנבענען זיך אַריין דורך פאַרגעלטע שייבלעך, דורך שפּאַרונעס פון פאַרשטעקטע, מיט קישעלעך, דאָפּלטע פענצטערלעך — אָנזאָגנדיק אַ פריידיקע בשורה:

„עס קומען טעג זוניקע! טעג ליכטיקע, וואַרעמע! — גענוג זיך טוליען צו דער הרובע!"

פריש און לויטער און פול מיט ווירקנדיקער קראַפט, איז דער אָנקומענדיקער פרילינג. מיט נישט זעבאַרע פעדים באַהעפט ער זיך מיט אַלץ וואָס לעבט, מונטערט און וועקט. מיט די פרילינג־שטראַלן שפּראָצן אויף אין יונגע הערצער נייע שטרעבונגען צו דערהויבנקייט, צו העלדישקייט; אויף פאַרטריקנטע ליפּן באַווייזט זיך אַ שמייכל; אין שטאַרע, אויסגעלאָשענע אויגן צינדן זיך פונקען פון נביאישע טרוימען נאָך אַ וועלט אַ פרידלעכער — אָן שנאה, אָן קנאה.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

טיר און פענצטער זיינען אויפגעפּראַלט. ליים און קאַלך האָבן צוגעדעקט די שפּורן וואָס דער לאַנגער ווינטער האָט איבערגעלאָזט אויף די ווענט; אַלץ איז אויסגעוואַשן, אָנגעקראָכמאַלעט, איבערגעפּוצט, פון יעדן ווינקל שמעקט.

די מולטער, דאָס לאָקשנברעט, דער וואַלגערהאָלץ און דאָס האַקברעטל, — זאַכן וועלכע זיינען אַ גאַנץ יאָר פון ערשטער נויטווענדיקייט, — איצט וואַרפט מען זיך מיט זיי, ווי מיט אָרעמע קרובים אויף אַ רייכער חתונה.

די קיך איז שוין דורכאויס פסחדיק — געכשרט און געגליעט. אייער אין שטרויענעם קוישל, אַ פּאָר בלעכלעך מיט שמאַלץ, קאַרטאָפליעס און ציבעלעס

— דאנקען גאָט שוין אויך פאַרזאָרגט; אין ווינקל אויף א ניי־געפּארבט טאבורעטל, איבערגעדעקט מיט א געבלימט טישטוכל, גרויסט זיך דער עמאליענער טאָפּ מיט באָרשט; אויפן אויוון, אין א געפלאָכטענעם קויש — די מצות.

דאָס פּסחדיקע געשיר, וואָס דרימלט א גאנץ יאָר ענג צוזאמענגעפּרעסט אין קאָסטן אויפן בוידעם, פרישט אָפּ די איינגעשלאָפענע גלידער; איבערגעוואַשענע גלאנצן פון זויבערקייט די בלוי־ווייסע טעלער מיט מצרישע געמעלן; די שמאָלע גלעזער מיט באגילדעטע קאַנטן, בירושה פון דער עלטער באבע, דער־מאָנען מיט זייער עקזאָטישקייט אין אלטן פאמיליען־יחוס; ס׳רופן ארוים צו זיך רעספּעקט די ברייט־בייכיקע גלעזערנע פלעשער, אין קרעדענץ, דער זעלטענער טשייניק אין פאָרם פון א פּיראמידע, אויך נאָך פון דער באבע „טאָלצע״ — נו, און די אלטמאָדישע רויטע און בלויע כוסות ארום!...

די אלע פּסחדיקע זאכן פילן אָן די קיך מיט א מין דערהויבענער חשיבות און מיט אַן אומגעהייערער צוציונגס־קראפט.

אויסצומיידן צו אָפטע קינדערישע וויזיטן... האַלט מען דערווייל די קיך טיר פאַרריגלט.

* *

*

אין די אויסגעפוצטע צימערלעך זיינען אָפן טיר און פענצטער, גרייט אויפצונעמען דעם ליבן יום־טוב, דער באפרייונגס יום־טוב. א פרישע ווינטל בלאָזט אריין דורך די טוליענע פאָרהענגלעך א ריח פון צעבליטן וויאָלעט־בעז, פון ווייס פארצוויטעטע קארשן־ביימלעך; דאָס ווינטל שפּאצירט זיך ארום און גלעט דעם נייעם טעפּיך אויף דער וואנט, וואָס די באלעבאָסטע האָט אין די לאנגע ווינטער־נעכט אויסגענייט און קושט די „לאַנדיש״ גלעקלעך, פון ווייס פאפּיראָס־פאפּיר, ארום דעם הענגענדיקן שפּיגל. אויך פון דרויסן איז דאָס שטיבל, מיטן הילצערנעם גאניקל אינמיטן, פריש געפּארבט — ווייס מיט גרינע טיר און פענצטער; די גערטנדלעך ביי די זייטן — די ערד צוגראָבן, אוסגעטיילט אין בייטן צו פארזעצן בלומען. די יונגע באזילבערטע ווערבלעך ביי די פענצטער, זיינען שוין באדעקט מיט ארויסוואקסנדיקע בלעטלעך.

* *

*

די מאמע אין פאָדערשטן צימער שעפּט נחת פון די שטיוועלעך, וואָס דער שוסטער האָט אָפּגעבראכט און פון די נייע קאָסטיומלעך.

די ווינטערדיקע בגדים לופטערן זיך נאָך אויף צעהאַנגענע שטריק אין הויף, — נעמט זי זיי צונויף, באַהאַלטנדיק אין קאָמאָד־שופלאָד; דערביי דערמאָנען זיך כמורנע פראַסטיקע טעג, ווען א זאַווערוכע הוליעט און די פענצטער־שייבלעך זיינען אָנגעפרוירן, פאַרקאָוועט; די יינגלעך זיינען דעמאָלט אין חדר, דער מאַן, יאַנקל אירער איז אויף דער שטעלע אין וואלד, קומט אהיים דאָרט איינמאָל אין א שבת... נאָר פייגעלע, דאָס מוזיניקל — טראַכט זי — נאָר זי האלט זיך לעבן דער מאמען. זי קען שוין אלע זאָרגן אירע, ווייסט שוין ווי אזוי עס קומט איר אָן אויסצושטוקעווען די וואָך מיטן געציילטן גראָשן... אזוי זיצט עס לעבן איר ביי דער הרובע, אויפן פוס־בענקעלע און קוקט ווי דאָס קעצל שפּילט זיך מיטן קנויל בוימוואָל, ווי די שפּיזלעך פליען ביי דער מאמען אין די הענט, און דאָס מויל טאָר זיך אויף קיין רגע נישט פאַרמאַכן! ווייל זי אויפכאַפּן אן אראָפּגעלאָזט „אייגל", גיט די קליינע שוין באלד א שטעל אָן אויף איר א פרעגנדיקן קוק: „נו"... — מעשיות זיינען איר גאנץ לעבן...

טראַכטנדיק וועגן קינד דערמאָנט זיך רחל, אז עס פעלן איר נאָך אויס סטענגלעך אריינצוציליען אין איר נייעם פאַרטוכל.

— פייגעלע! — שרייט זי אוים — כ'האָב גאָר פאַרגעסן, אז ס'פעלט מיר נאָך אָן אַרשין סטענגלעך צום פּסחדיקן פאַרטוכל. אין שופלעדל דאַרף נאָך זיין א „זעקסער", נעם טאָכטער און ברענג „זדאַטשע". — זע נאָר זאָלסט נישט פאַרלירן!

* *

*

פון דער היים ווו מ'זעט שוין במעט אָן דעם בארג צום פרוט, ביז אין די קלייטן אין מארק, ציען זיך א סך קרומע און בלאָטיקע געסלעך. אמת, די הילצערנע טראָטוארן זיינען שוין אביסל צוגעטריקנט, אָבער פייגעלען ווילט זיך גראָד שפּאַנען אין די שפּיגלדיקע ריטשקעלעך. — איז אויסגעטאָן די טיפּע קאַ־לאָשלעך, פאַרקאַטשעט דאָס קליידעלע, און שארנדיק צופרידן מיט די באָרוועסע פיס די בלאָטע, שפּאַנט זי זיך טראָט ביי טראָט. אזוי פאַרשווינדן הינטער איר איין געסל נאָכן צווייטן. אָט איז שוין די בריק, נאָר אריבערגיין דעם מארק, איז זי ביי מאָשקע־עזרהס אין קלייט. אָבער דאָ בלייבט די קליינע שטיין פאַרגאַפּט — גאָטס וווּנדער!! נישט קיין ריטשקעלע. נישט קיין טייכל האָט זי פאַר זיך, נאָר א גאנצן טייך... איין אויסגוס! — א גרויסער שפּיגל, וואָס בלאַנקט אונטער דער זון און דאָרט זעט זי: א הימל... ביימער מיט איבערגעקערטע צווייגן, זיך אליין זעט זי מיטן קאָפּ אראָפּ!...

* *

*

ערשט אין קלייט ביים צאָלן, האָט זיך פייגעלע דערמאנט אין געלט... דערשראָקן באקוקנדיק די צעעפנטע הענטלעך, איז זי ווי פארגליווערט געוואָרן אויפן אָרט — אזויפיל געלט!! א גרויסער „זעקסער"... ביטערע טרערן האבן זיך אָנגעהויבן קייקלען איבער די בעקלעך.

און דער משרת, פון יענע משרתים, וואָס שטייען אויף די טירן שעהנווייז און קוקן ארוים מיט ווער עמען צו פארטשעפּן. אָפּצולצעווען, שיט נאָך זאלץ אויף דער קליינערס ווונדן:

— „קיין האָניק טאָכטער, וועסטו שוין פון דער מאמען היינט נישט לעקן... פאָלג מיך: גיי צוריק, גיי מיטן זעלבן וועג — אפשר וועסטן אָפּזוכן... דעם נעכטיקן טאָג..."

א דערשלאָגענע גייט זי שוין צוריק מיטן בלאָטיקן טייך. דאָסמאָל האָט ער אין אירע אויגן פארלוירן דעם פריערדיקן צויבער; זי שארט מיט א שטעקעלע זוכט — ווי אין דער בלאטע אריין...

פארוויינט און פארצרהט, איז זי שוין לעבן דער מענדלעכעס „טאנץ-זאל". באלד איז זי שוין אין זייער געסל... — וואָס וועט זי זאָגן דער מאמען? און וואָס וועט זיין מיטן נייעם פאַרטוכל?!...

איז פייגעלע געבליבן שטיין, צוגעשפארט צום שכנ'ס פארקן, און זיך ביטער צעוויינט.

פלוצים האָט א טרער ווי אָנגעשלאָגן אין איר זכרון; זיינען דערביי די אייגעלעך אירע געוואָרן גרעסער, פארטיפטער און געבליבן הענגען אין א באשטימטער ריכטונג: ס'האָט זיך איר פאַרגעשטעלט, זי זעט דאָרט אן איינגע-הויקערטע אלטעטשקע, מיט א זאק אויף די פלייצעס — די גוטע אלטעטשקע פון דער מאמעס מעשיות — שרה בת טובים, וואָס העלפט מיידעלעך אין א נויט, וואָס באווייזט ניסים; יענע לעגענדארע געשטאלט, פון וועלכער זי האָט זיך אזויפיל אָנגעהערט, האָט אָנגעהויבן וואקסן אין אירע אויגן — שטראלן מיט גוט-הארציקייט און ליבע — און צו איר האָט די קליינע געהויבן איר קעפל און אין די אייגעלעך האָט זיך געצונדן א הייליק געבעט:

די קינדערישע תפילה האָט זיך געטראָגן, ווי אויף פליגלען און האָט פאר לייכטערט פייגעלעס געמיט.

* *

*

— וואָס... וואָס זעט זי?!

צו זייער שטוב איז צוגעפאָרן א דאָרפישע פור, די קינדער לויפן אנטקעגן... דער פורמאן טראָגט אראָפּ קיישלעך, א פולן זאק — זאָל זיין אז דער טאטע איז שוין געקומען פונעם וואלד?... אָט גייט די מאמע אויך צו. מיטאמאָל פארגעסט די קליינע אין אירע צרות און הייבט אָן א פריילעכע יאָגן אהיים.

* *

*

דער טאטע דריקט זי צו זיך, זיין ליבלינג, דאָס מוזיניקל און די מאמע שטייט און שמייכלט... רויטלט זיך... און מאכט צורעכט דאָס קאָסינקעלע אויפן קאָפּ און זעט אוים עפּעס אזוי מאָדנע... פונקט ווי לאה׳קע דעם שכנ׳ס ווען זי דערזעט איר חתן.

קוקנדיק אויף דער מוטער. האָט פייגעלע באלד פארשטאנען, אז שרה בת טובים, האָט איר תפילה דערהערט...



עס איז נאָך קיין זעקס אזייגער נישט. די טראָפּישע זון איז ערשט נאָרוואָס ארויסגעקראָכן פון איר מזרח־רויטקייט און שוין איז דושנע, נישטאָ מיט וואָס אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם.

ארבעטן אין פאָטאגראפישן אטעליער הייבט סאָניע ערשט אָן האלב־אכט, אָבער פארטאָג טראָגט זי שוין ארוים פון דער שטוב.

א גאנצע נאכט שטיקט מען זיך אָן א קאפיטשקע לופט אין ענגן צימער און דערצו נאָך די מאָסקיטן... אוי די מאָסקיטן! — זיי שטעכן דעם פרעמדן ווי מיט נאָדלען! מ׳פארדרייט נאָר דאָס עלעקטרישע לעמפל און מ׳הייבט שוין אָן כאַפּן א דרימל: הא־הא! — ש־ש־ש — גיט א שוועב ארום איבערן קאָפּ דאָס ביימנדיקע פליגל און פארטרייבט מיטאמאָל דעם שלאָף. עס העלפט נישט דאָס איינדעקן זיך מיטן ליילעך און נישט דאָס אויסרויכערן עטלעכע מאָל אין דער נאכט. איז פארטאָג דאָס אויפשטיין א מין דערלייזונג פון יענעם גיהנום.

סאָניע איז נישט די איינציקע וואָס גייט ארוים אזוי פרי צו דער ארבעט. אין יענע הינטער־גאסן, וואָס זיינען אמערסטן באַוווינט פון אָרעמע איטאליענער און שפּאניאָלן, זשומעט שוין ווי אין א בינשטאָק; איבער די צעבראָכענע טראָטוארן קלאפּן הילצערנע טאַמאַנקעס *) און עס קלינגען דיאלעקטן פון עטלעכע שפּראכן. לעבן די פעדערשטע טירן, אינדרויסן, אויף געפלאָכטענע שטערעס שלאָפן נאקעטע קינדער און טאטע־מאמע טרייבט אונטער דאָס פייפעריי פון נאָענטע פאבריקן.

אין אטעליער ווו סאָניע ארבעט, זינגט זי איז אין ריאָ דע זשאנייראָ, זענען נאָך טיר און פענצטער פארמאכט. דער טויער איז נאָך אויך פארשלאָסן. שפּאצירט זי לאנגזאם הין און צוריק, באַטראַכטנדיק דערוויל די מאָדערנע, מאסיווע געביידעס, וואָס זיינען באדעקט מיט א שטויביקער גרויקייט; די ביימער פון ביידע זייטן גאס, די בלומען די דערבייאיקן גערטנדל — האלב־פארוועלקטע, אָפּגעבליאקעוועטע, ווי די היגע, טשמעליענדיקע זון זאָל האָבן

---

*) „טאמאנקעס" — הילצערנע קלומפּעס

זייער בלוט אויסגעזויפּט, דעם דופט אויסגעוועפּט; און אין געדאַנק זעט זי דאָס ווייס-געקאַלעכטע שטיבל זייערס, דאָרט אין דער אַלטער היים, מיט יענעם גאַניקל באַוואַקסן מיט קלעטערנדיקע ווילדע ווייַנטרויבן, אונטער דער מחיה׳-דיקער קילקייט פון צעבליטע אַקאַציע-ביימער און מיטן זשאַסמין אין די גערטנדלעך, וואָס פאַרשמעקט די גאַנצע גאַס!

— היינט איז שבת — גיט זי אין בענקשאַפט א זיפץ. דער טאָג איז איר דאָרט געווען אַזוי טייער! און דאָ... עס דערמאָנט זיך אַן אינדערפריעדיקע שעה, ווי איצט: דורכן אָפענעם פענצטער קוקט אריין א גרויסע, א פייערדיקע האַלבע זון׳ וואָס גייט ערשט אויף אין לילאַ-רויטע פאַסן; די גאַנצע שטוב שלאָפט נאָך איינגעהילט אין שבת׳דיקער רו און אין געמיש פון פרילינג-ריחות. זי כאַפּט זיך אַראָפּ אויף די שפּיץ-פינגער פונעם געלעגער, וואַרפט אויף זיך אַרויף א לייכט קליידל, בינדט אויס א פאַטשיילעכל אויף די צעפּלאָכטענע צעפּ; אַרויס-גענומענדיק א פּאָר געבראָטענע עפּל פונעם אויוון, פלעצלעך אין קיישעלע, לאָזט זי זיך א באָרוועסע אַראָפּגיין דעם באַרג צום פּרוט: דערנאָך צווישן טוי-באַדעקטע גראָזן, פאַרביי פויערישע הייזקעס — אין וואַלד אַריין.

... זי שווימט אוועק מיט יענע רויקע, לויטערע וואַסערן כמעט ביז צו דער רומענישער גרעניץ.

*

* *

א טומל פון א פאַרבייפאָרנדיקן טראַמוויי, קערט סאָניען אום צו דער ווירקלעכקייט. פאַרטראַכט, איז זי אַזוי פאַוואָליענקע איבערגעגאַנגען עטלעכע קוואַרטאַלן און הייבט אָן שפּאַנען צוריק.

דער טויער איז נאָך אַלץ פאַרשלאָסן. עס פעלט נאָך פינף מינוט צו זיבן. דרייט זי זיך ווידער אַרום הין און צוריק — און ווידער די ליבע היים! דאָסמאָל לעבט אויף אין זכרון גראַד א שבת צונאַכטס: אין עס-צימער ברענט דער הענגענדיקער בליץ-לאָמפּ; אויפן טיש זידט דער סאַמאָוואַר. דער פּאָטער, די ברילן אַראָפּגערוקט אויף דער נאָז, לייענט עפּעס פון א צייטונג פאַר זיין פריינד, דעם העברעישן לערער. און זי, זי שטייט ביי דער דרויסנדיקער אָפענער טיר, פאַרכישופט פון דער בלויער לבנה-נאַכט, וואָס זילבערט די ביימער און די דעכער! דאָס האַרץ אירס קלאַפּט האַסטיק — זי איז פול מיט דערוואַרטונג, זי פילט אַז באַלד וועט ער קומען... — — —

— מאַס קע באָניטיניאַ! *)

*) „— מאָס קע באָניטיניאַ!" — „אַך — סאַראַ שיינינקע!"

די עטלעכע ווערטער, ארויסגעשעפּטשעט גאר נאָענט, כמעט ביי דער נאָז, שטעלן אָפּ די „גרינע" און שניידן איבער ווי מיט א מעסער אירע דערינערונגען.

עפּעם איינער, א מאן שוין אין די מיטעלע יאָרן, שטייט לעבן איר און חזרט איבער די זעלבע פּאר איר אומפארשטענדלעכע ווערטער; קוקט זי אים אָן מיט אירע גרויסע, פארטראכטע אויגן, וועלכע שפּיגלען אָפּ אינערלעכע, אייגענע וועלטן; מיט די ווייכע שטריכן ארום שיין-געשניצטן מויל, מיטן זיסן חן-נריבל אין דער לינקער באק. — פרעגט זי זיך וואָס ער וויל.

ווערט יענער דרייסטער און צערעדט זיך נאָך שטילער, אזוי לאַקריץ-זיס...

וואָס ער רעדט הייבט זי נישט אָן צו פארשטיין, אָבער איינקוקנדיק זיך אין זיין הפקרדיקן פּנים, אין די רויטלעכע אייגלעך, גיט זי א שטויס אָפּ פון אים מיט עקל.

אָן אויפגערעגטע, האָט זי שוין אוועקגעשפּאנט ביזן ראָג און נאָך שטעכן זי ווי מיט נאָדלען אין דער פּלייצע יענעמס תאווה'דיקע בליקן.

— נו, נו! אַזאַ אָנשיקעניש גאנצפרי — קען סאָניע זיך נישט בארויקן. וואָס האָט ער אויף איר דערזען? אפשר דערפאר וואָס זי איז געגאנגען לאנגזאם, פארטראכט, האָט ער געמיינט ווער ווייסט וואָס...

פארציט זי שוין די ברעמען, מאכט אָן ערנסט פּנים, ציט אָן שטייפער דעם קערפּער, שנעלער דעם גאנג. דאָס העלפט אויך נישט אויסצומיידן אייניקע פארבייגייערס פרעכע בליקן, וואָס גיבן אין איין רגע א מאך א שפּאציר איבערן גאנצן קערפּער, פון אויבן אראָפּ, אז דאָס פּנים צעפלאמט זיך ביז איבער די אויערן.

— דאנקען גאָט! — דער טויער איז שוין אויפגעשלאָסן, דאָס לערן-יינגל פּוצט שוין די „וויטרינעס"; פונעם אָפענעם פענצטער, נאָך אין באָד-מאנטל, גענעצט ארוים דער פארשלאָפענער באלעבאָס.

ווארטנדיק אין הויף ביז דער גאנצער ארבעטער-פּערסאָנאל וועט זיך צו-נויפקומען, גייט דער „גרינער" נאָך אלץ נישט ארוים פונעם קאָפּ יענע בא-געגעניש. ווערט זי שוין בייז אויף זיך אליין. א געשעפּט מיט א זשוליק! הער נאָר — ער וויל רעדן, זאָל ער... פון יעדער קלייניקייט מאכן א גאנצן וועזן! און עס פאלט איר איין: פארן אהיימגיין וועט זי בעטן דעם באלעבאָס א שליסל פונעם טויער — וועט זי פארשפּאָרן פארטאָג זיך ארומדרייען אויף דער גאַס.

שוין א פּאָר חדשים זינט זי איז דאָ אין לאנד און אלץ איז איר נאָך פרעמד און דערווידער; די שפּראך, דוכט זיך, וועט זי קיינמאָל נישט כאפּן און צו די

היגע „פּירעכצער" שווער פּאסט זי זיך צו! די מאכלים — שווארצע פּאסאָליעס מיט רייז... „מאנדיאָקא" וואָס די שכנים האָבן די מוטער אויסגעלערנט קאָכן. — א ברויט — זאָגט די מאמע — איז אויף איין צאָן און „מאנדיאָקא" איז ביליקער און שטאָפּט באלד אָן דעם מאָגן.

— ווי שאַרף דער קאָנטראַסט איז — זיפצט זי — צווישן דער פאָרשטעלונג פונעם קליינשטעטלדיקן מיידל ווען דער גרויסער שטאָט ביז דער גרויער ווירקלעכקייט. שוין דער געדאנק אליין, אז קענענדיק פּאָרטוגעזיש פארשטייט מען גלייכצייטיק איטאליעניש און שפּאניש, שוין דאָס אליין האָט אויפגעהויבן אין די אייגענע אויגן: א קליינינקייט — מיטאמאָל א קענערן פון שפּראכן! נו און די האָפענונג צו לערנען מאָלעריי, זיך פארפולקאָמען אין דער פּראָפעסיע!

דערווייל... דערווייל אָבער מוז מען שווער ארבעטן, שוויצן און ארבעטן; קומסט אהיים מיד, אויסגעשעפּט, גלוסט זיך אלץ אָפּ. מיט דער צייט ווערט מען מסתם נישט מער ווי אַן אויטאָמאט, א מאשין וואָס דאַרף נאָר צושטעלן וואָס מער ארבעט.

אין דער היים איז דאָך אויך לעצטנס, נאָכן פּאָטערס טויט, ווען זי איז געוואָרן די גאנצע פּרנסה־געבערן, אויסגעקומען שווער צו ארבעטן, יענע ווינטער־נעכט: דער פּראָסט ברענט, אין שטוב שלאָפט מען שוין לאנג און זי שטייט נאָך אלץ אין דער נישט געהייצטער לאבאראַטאָריע; די כעמישע אַנטוויקלונגס־וואסערן פרירן צוזאמען מיט די שפּיץ־פינגער, דער גאנצער קערפּער איז ווי פארגליווערט פון דער קעלט און דאָך... דאָך איז דאָס געמיט נישט געווען אזוי שווער ווי איצט. די ארבעט נישט קיין געצוווּנגענע — קיין אויבער האר איבער זיך. האָט זיך איינגעגעבן ביי יענעם רויטן ליכט ארויסצובאקומען א ווייכן טאָן אין א בילד, איז דאָס אויפגענומען געוואָרן ווי א געוויסע דערגרייכונג; האָט זיך איינגעגעבן א קאָמפּליצירטער פּרוּוו — אַן אייגענע דערפינדונג, וואָס איז איבערגעשטיגן די ענגע פּראָפעסיע־גרעניצן און געהאט צו טאָן מיט קונסט — דעמאָלט האָט ארומגעכאפּט אַזאַ ווארעמע פרייד, פרייד פון אייגענער שאפונג.

ס'איז שוין צייט — דער ארבעטער־פּערסאָנאַל הייבט אָן אריינצוגיין.

דער טאָג שטעלט זיך אוועק אויף די געווײנלעכע ליניעס:

אין באלעבאָס אָנוועזנהייט איז שטיל. טיילט ער נאָר אוים די ארבעט און מ'זעט אים פון יענער זייט טיר, אזוי ווערט די לופט שיטערער... דעמאָלט ווארפט מען זיך איבער מיט א וואָרט, מ'וויצלט זיך אויף זיין חשבון. די קאָלעגן ווילן אויך די „רוסאַ" דערנענטערן — אָבער די שפּראַך... אז זי איז שטום! קומט איר אוים בלויז צו שאָקלען מיטן קאָפּ און תמעוואטע צו שמייכלען, איז זי שוין

צופרידן וואָס שנעלער אויפצושטעלן דאָס רעטושיר-ברעטל, פאַרשניצן די בלייערס און איבערדעקן זיך מיטן טוך.

נישט קוקנדיק אויף דער דושנעקייט אין יענעם אָפּגעצוימטן ווינקל, געפינט זי דאָך א געוויסע באַרויקונג דאָרט. די ערשטע ארבעטס-שעהן זיינען נאָך צום דערליידן: די אויגן — אויסגערונט, די זון איז נאָך נישט אין די פענצטער — פליט ארום דער בליישטיפט געניט און פלינק איבער מיניאטורע און פאַרגרעסערטע, יונגע און אַלטע, טעמפּע און אויסדרוקפולע פּנימער; גריבלענדיק מיטן בלייפעדער אין יעדן קנייטשל זייערס, פּרוּווט זי טרעפן דעם שטעמפּל אין זיי וואָס באַשעפטיקונג אָדער לעבנס-באַדינגונגען בכלל האָבן דאָרט אוועקגעלייגט.

עס קומען אויך אונטער צאַרטע און באַהאַרצטע פּנים-שטריכן; אויגן זוכנדיקע, בענקענדיקע אין וועלכע עס גליעט דאָס פאַרבאָרגענע נשמה-פייערל; זי דערקענט עס שוין, דאָס פייערל, אין די ליכט-פינטלען; צו די יעניקע פילט זי א מין קרובה'שאפט, פרעגט זיך נאָך ביי זיי וואָס זיי זוכן, צו וואָס זיי שטרעבן.

* *
*

ווען עס גייען איבער די ערשטע פּאָר שעה, הייבן שוין אָן די מינוטן קריכן לאנגזאמער, די זון הייבט אָן טשמעליען אין דער פּלייצע; טראָפּן שוויים נעמען פונעם שטערן אראָפּרינען אין ריטשקעלעך איבער די באַקן און דער בליישטיפט גליטשט זיך אלעמאָל ארויס פון די פאַרשוויצטע פינגער. פונעם אָנגעשטרענגטן קאָנצענטרירן די זע-קראַפט הייבן די אויגן אָן כפלען: א פּנים באַקומט אויגן אויף אויגן, א נאָז אויף א נאָז. און פּונקט ארבעט זי איבער א פּנים, וואָס עס וויל זיך שוין וואָס שנעלער ארויסגעבן פון דער האַנט — קיילעכיק און פאַרגאָסן פון פעטס, אין יעדער מינע איז אויסגעגאָסן אַן עזותדיקע זעלבסט-צופרידנקייט וואָס שלאָגט צו דער גאַל: נאָר איך און איך... — איך בין שיין! קלוג... מיר קומט אלץ!

סאָניע קען שוין נישט איינזיצן און נעמט אפיר דעם קאָפּ פון אונטערן טוך. זשמורענדיק מיט די צעפינטלטע אויגן, וואָס נעמען שוין שווער אויף די העלע שיין, כאַפּט זי א קוק אויפן וואַנט-זייגער.

— ערשט האלב צען! — רייסט זיך ארויס א זיפץ. אויסציענדיק די איינגעזעסענע גלידער הייבט זי זיך אויף און גייט אין צווייטן צימער טרינקען וואסער.

דערנאָך קומט אָן די ארבעט נאָך שווערער, עס קלעמט דאָס האַרץ און געדאנקען נודנע קריכן אלץ אין קאָפּ; איין געדאנק האָט זיך דאָרט פעסט באַזעצט און לאָזט נישט אָפּ אויף קיין רגע:

די הײנטיקע בײלע.

א באקאנטע פאמיליע, װײל זי מיטנעמען אויף א בײלע — װײסט זי נישט: עפּעס זײנען זײ צופיל פאראינטערעסירט... נישט גלאט אזוי, עפּעס איז דאָ א מין דערבײ. די מוטער װײסט דוכט זיך װעגן װאָס עס האנדלט זיך, נעכטן האָט זי א פּאָר מאָל געזוכט פארפירן א שמועס װעגן א רײכן יונגערמאן, װאָס איז געקומען פון א שטעטל; אינדערפרי בײ דער קאװע, רעדנדיק װעגן דער שטיקנ־דיקער היץ, האָבן זיך אירע אויגן א צינד געטאָן מיט האָפענונג און ארויסגעכאפּט האָט זיך:

— „גאָט זאָל װעלן, װאָלסטו שוין מער נישט געדארפט ארבעטן אין אזעלכע היצן!״

בײ איר׳ בײ סאָניען — יאָ גײן, נישט גײן — גיכער װאָלט זי נישט געגאנגען: די היגע בײלעס זײנען איר דערװידער און קאנטשאפטן מיט יונגע־לײט? זי איז דאָ אזוי גלײכגילטיק צו זײ...

א נײע בענקשאפט נעמט ארום: שוין אין די ערגסטע צײטן אין דער הײם, מ׳האָט געװױנט אין א געדונגן שטיבל, דער דלות האָט שוין ארויסגעקוקט פון אלע װינקעלעך, דאָך טײלן זיך אוים ליכטיקע דערינערונגען אויף יענעם גרויען פאָן:

א טריבער שבת בײטאָג; עס שיט א געדיכטער שנײ און די שױבן זײנען אָנגעפרוירן מיט עקזאָטישע מוסטערן. אינמיטן צימער — דאָס בלעכענע אױ־װעלע מיט די צעצױגענע רערן, װוּ עס טליען די לעצטע האָלעװעשקעס; באַ־קענטע מײדלעך און ײנגלעך, צװישן זײ אויך צװײ פרעמדע „בעזשענצעס״, ײדישע סטודענטן. יוגנטלעכער פלאם... ברויזנדיק לעבן פליסט פון יעדער באװעגונג... פרײד און געלעכטער... א קעגנזײטיקער בליק װאָס עלעקטריזירט, און דאָס דערפילן װען א בחור רעדט צו א צװײטער און מײנען מײנט ער דיך — יענע היציקע כװאליע װאם צעפלאמט דאָס פּנים, צעפינקלט די אויגן...

— נײן, יענער אָרעמער אמביענט, האָט נישט געשטערט די יוגנטלעכע געפילן — און דאָ, די בײלעס אין רײכע סאלאָנען, מיטן גאנצן עפעקטפולן גלאנץ און די מײדלעך אויסגעפוצט אין עסיק און אין האָניק... א רחמנות צו קוקן: יונגע קינדער און שוין מיט אויסגעלאָשענע אויגן, דרײען זיך ארום און קוקן אוים ביז עפּעס א בחור װעט זיך פאר זײ פּאטעטיש א נויג טאָן, פארשפּיליענדיק דאָס קנעפּל פונעם דעקל — אײנצולאדן טאנצן...

און אפשר טרײבט זי גאָר איבער, אפשר קוקט זי מיט צו ערנסטע אויגן? — פארטראכט זיך סאָניע. — שוין אין דער הײם, זינט זי האָט אָנגעהויבן ארבעטן,

האָט זי אנדערש אָנגעהויבן באַנעמען דאָס לעבן. די מאַמע האָט געליטן: זי רייסט זיך אָפּ פון חברטעס און געוועזן איז גאָר פּונקט פאַרקערט: די נישט גלייכע לעבנס-באַדינגונגען האָבן אוועקגעשטעלט געוויסע מחיצות צווישן איר און די באַלעבאַטישע טעכטער. זי דערמאָנט זיך וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן אין שטוב, איידער זי האָט אָנגעהויבן לערנען דאָס פאַך. דער פאָטער, א וועלטלעכער, א פּראַקטישער מענטש, האָט פאַרשטאַנען אז אָן אָרעמאַנס א קינד, מעג עס זיין אפילו א „גוטן יידנס" אן אייניקל — ווערט עס נישט זאַט מיטן זיידנס יחוס. די מאַמע אָבער, האָט געקערט וועלטן... איר טאָכטער זאָל ארבעטן?! אַזאַ משפּחה?! — דערביי האָט זי געהאַלטן אין איין דערציילן וועגן א פאַל מיט אן עלטער מיאוס מיידל, וואָס האָט נישט געקענט קומען צו קיין שידוך און אז א שדכן האָט איינגעשטעלט פאַרצולייגן א זייגערמאַכערס א זון, האָט אים דער פעטער פאַר אַזאַ „חוצפּה" ארויסגעטריבן פון דער שטוב.

* *

*

א רוקעריי מיט בענקלעך דערנעבן, זיפצן פון דערלייכטערונג ביים אויסציען די איינגעזועסענע גלידער — רייסן איבער סאָניעס געדאַנקען, זאָגן אָן די מיטיק-שעה.

ווען אלע גייען שוין ארויס, קוקט זי זיך ארום און נעמט צעוויקלען דאָס פּעקעלע מיטן „טרוקענעם" אָנבייסן; זי כאַפּט שטייענדיק עטלעכע ביסן און נעמט אָנטאָן דאָס היטעלע. — די שעה צייט וועט זי זיך דורכגיין אויסצוגלייכן די פּלייצעס.



טייערע חברטע טייבל!

איך בין שולדיק... כ'ווייס די בריוו דיינע האָב איך פּינקטלעך דערהאַלטן און זיי האָבן מיך געפרייט; זיי זיינען געווען א טרייסט פאר מיר אין יענע שווערע טעג. בפרט דער לעצטער בריוו דיינער, האָט מיך געטראָפן אין אזא פארצווייפלטער לאגע, אז איך האָב געהאלטן זיך אין איין ווארעמען אין אים ווי אין זוניקע שטראלן, נאָך קאלטע, רעגנדיקע טעג.

— פארוואָס כ'האָב ביז איצט נישט געענטפערט? ווילסט וויסן, פאַדערסט, ביסט ברוגז?... — ווייסט טייערע, עס איז זייער שווער צו בלעטערן פיינלעכע איבערלעבונגען. דאָך וועל איך איצט פרווון דאָס טאָן, ווייל אזא בלייענע שווערקייט פרעסט מיך אז איך מוז פאר דיר אויסגיסן מיין ביטער הארץ — אפשר וועט די פארגליווערטקייט אָפּגיין.

דו פרעגסט זיך נאָך, ווי איך זע אויס, וואָס משה טוט, ווי עס לעבט זיך אונדז... יאָ... איז פון וואָס זאָל איך אָנהייבן? פון מיין איצטיקער לאגע, צי באשרייבן דיר מיינע איבערלעבונגען פאר די פאָר יאָר זייט מיר זיינען אָנגעקומען אהער?

— ווייסטו וואָס טייבל? ס'איז מיר איצט איינגעפאלן א געדאנק: דערמאָנסט זיך נאָך ווי מיר פלעגן אמאָל אין זומערדיקע נעכט, אויף די אָנגעלעגטע קלעצער לעבן טויער, חלומען מיידליש וועגן א שיינער צוקונפט, און די לידלעך מיינע „די געדיכטן", „געדענקסטו נאָך?" ...נעם-זשע צו הילף די פאנטאזיע דיינע: איך וועל שרייבן און דו דערגענץ דאָס וואָס לאָזט זיך נישט מיט ווערטער אויסדריקן. — זאָל זיין... כ'וועל אָנהייבן פונעם צימערל וווהין כ'האָב זיך צוריק מיט עטלעכע טעג איבערגעפירט נאָענט צו דער פאבריק ווו איך ארבעט. — דאָס צימערל, אָדער די הינער-שטייג, איז גרויס... אפשר א צוויי מעטער די לענג. די ווענטלעך — אמאָל געקאלעכטע ווייס אָדער געל, ווער ווייסט זיי דאָרט, — האָט די פייכטקייט אויסגעפלעקט אין פארשימלטע פליאמעס. אָט האָסטו מיין „וווינונג"! דאָס מעבל מיינס, דאָס איצטיקע: אן אייזערן בעטל, א בענקל, דאָס טישל אויף וועלכן איך שרייב דעם בריוו; איבערן טישל — א פּאָליצע מיט

ביכער אויף דער וואַנט, ביי דער טיר, הענגען אַ פּאָר קליידלעך מיינע; אויפן פענצטערל, אַנטקעגנאיבער אין הויף אַריין שטייט אַן ערדענע פלאַש מיט וואַסער; אין אַ גלאָז — אַ פאַרוועלקטע בלום; דורכן פענצטערל, אויסגעהאָנגען אויף דראָטן, קוקט אַריין דאָס נאַסע וועש וואָס שכנישע וועשנס טריקענען.

אינדרויסן איז היים, און דאָ ביי מיר, ציט פונעם צעמענטענעם דיל מיט אַ נאַסער פייכטקייט איבערן קערפּער — אַ „סגולה" פאַר מיין רעוומאַטיזם, וואָס כ'האָב אָפּגעשפּאָרט דאָ אין „גאָלדענעם לאַנד", ווי דו שרייבסט; ס'טוט אַ שטאָך אין איין פוס, אַ דריגע אין צווייטן.

איצט, ווייסטו דאָך וויסן ווי איך זע אויס?... איך קוק אויף דער פאַרוועלקטער בלום אין גלאָז... — ניין! וואַרט וועל איך אַרויסנעמען מיין טאַשן־שפּיגעלע.

... די אויגן איינגעפאַלן... בלוי אַרומגערעמט און אויסגעלאָשן... די האָר ביי די שלייפן — גרוי!

— וויפל בין איך אַלט, טייבעלע? מיר זיינען דאָך אין די זעלבע יאָרן. קוים אַריבער געשפּאַנט די דרייסיק! נישט אַזוי?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...פונעם ערשטן בריוו, וואָס כ'האָב דיר אַמאָל געשריבן, ווייסטו דאָך: אין דער פרעמד. אָן אייגענע... משה האָט ווי אַלע גרינע דאָ אין לאַנד, אויך געפּרוּווט „קלאַפּן אין די טירן" — אַרבעטן קליענטעלע און נישט געקענט זיך צופּאַסן, בשום אופן. האָבן מיר ביידע אָנגעהויבן אַרבעטן אין אַ טעקסטיל־פאַבריק און געלעבט ווי אַלע אַרבעטער אין די לענדער. מיט דער צייט האָבן זיך אויך אָפּגעזוכט באַקאַנטע, חברים.

ערגער איז געוואָרן ווען איך האָב פאַרשוואַנגערט. ביי מיינע באַדינגונגען, פאַרשטייסטו דאָך, אַז כ'האָב זיך אַזאַ לוקסוס נישט געקענט פאַרגינען. האָב איך זיך אָנגעהויבן בריהען, נו... בין איך קראַנק געוואָרן און געהאָלפן האָט מיר ווי אַ טויטן באַנקעס... אַזוי האָב איך די גאַנצע צייט געאַרבעט מיט די „נישט־גוטקייטן" און „קאָפּ-דרייעניש", ביז אין אַ טאָג, אַרויסגייענדיק פון דער פאַבריק, האָב איך דערפילט אויף זיך דעם אויפזעערס אַ ציניש שמייכל. דערצו האָט ער נאָך עפּעס אַ בורטשע געטאָן אויף מיין חשבון. אַלע האָבן מיך באַטראַכט און מיר האָט דאָס פּנים אָנגעהויבן פלאַמען פון באַליידיקונג און טרערן זיך גיסן פון די אויגן. דאָס האָט אין מיר די פרוי די צוקונפטיקע מאַמע דעמאָלט געיאָמערט אויף איר מזל...

איך האָב געבוירן א מיידעלע — א בלאָנדס מיט בלויע אייגלעך... א מיידעלע — אַן אוצר! דאָס קינד האָט באלויכטן אונדזער אָרעמע היים; געוואקסן: פינף, זעקס חדשים איין צייַנדעלע, א צווייטס. פּערעלעס א שמייכל, א חנדעלע אירס, האָט פארגלעט אלע זאָרגן.

מיין נישט, טייערע, אז דיין אומגליקלעכע חברטע האָט דאָ אויך פון קיין פרייד נישט געוווּסט! איינגאנצן אויף איר גורל זיך באקלאָגן קען זי אויך נישט. עס זיינען געווען מאָמענטן, פון ליכטיקע האָפענונגען... פון העלן באוווּסטזיניקן גלויבן...

„עס זיינען געווען!..."

אָט האָט זיך מיר איצט דערמאָנט א באנקעט... געדעקטע טישן... — אָבער וואָס גראָד א באָנקעט?... דו ווייסט, אויף דער „עלטער" האָב איך אָנגעהויבן פארגעסן — אָט איז געווען דער געדאנק און שוין איז ער נישטאָ! דער דאָקטער זאָגט: „נעוראָזע". כ'האָב זיך שוין דערמאָנט: מיין משה, איז געווען צו יענעם באנקעט דעלעגירט פון אן ארבעטער-אינסטיטוציע, צו באגריסן אן אויסלענדישן גאסט, און דאָס קינד וויל נישט אָפּטרעטן פון זיינע הענט. איך פּרווו זי פארשפּילן, גיב איר וואָס ס'קומט מיר אין די הענט — איינמאָל ניין! און דאָ מעלדעט אים שוין דער פאָרזיצער צום וואָרט... האָבן חברים אָנגעהויבן:

— „וואָס איז, זאָל זיין מיטן קינד! גינאָ מעדעם איז אַן אייגענע!"

וואָס זאָל איך דיר זאָגן? ווי א בריליאנט האָט פּערעלע אראָפּגעשיינט, אלע האָבן באוווּנדערט איר זיס פּנימל, די בלויע שיינע אויגן און דער מאמעס הארץ האָט געוואקסן פון פרייד!... וואָס זשע איז געוואָרן פון מיין פרייד?... אוי! טייבל טייערע! זעסט די ווייסע פלעקן אויפן בריוו-פּאפּיר? — דאָס זיינען טרערן וואָס גיסן זיך איצט אָן אויפהער, ווי דאָס זאָל זיין אויפן קבר פון מיין פארשטאָרבענעם גליק... וועסט מיר אנטשולדיקן... כ'קען איצט נישט מער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...אזוי איז אונדזער לעבן געגאנגען ביז צוריק מיט עטלעכע חדשים. דעם צווייטן מאַי, ביינאכט, איז פּאָליציי באפאלן, אונדזער שטיבל, איבערגעקערט און איבערגענישטערט אפילו אין די איינשיטן פון די קישן און משהן האָט מען צוגענומען. אוועקגעפירט. קיינמאָל וועל איך נישט פארגעסן, ווי ער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן שלאָפנדיקן קינד, זיך איינגעגעסן מיטן בליק, ווי ער זאָל וועלן מיטנעמען מיט זיך איר אויסזען, ווי דאָס הארץ זאָל אים שוין געווען עפּעס פאָרויסזאָגן...

יענע נאכט בין איך שוין אָפּגעזעסן ווי א פארשטיינערטע. כ׳האָב פארשטאַנען, אז משה וועט שוין אינדערפרי צו דער ארבעט נישט גיין. ס׳איז געוואָרן זעקס אזייגער, זעקס מיט פופצן, דער פאבריק־פייף האָט זיך ווי אלע טאָג צעריטשעט, געוועקט, גערופן... און איך האָב געהאלטן אין איין טראכטן: וואָס טוט מען מיט א פיצל קינד אויף די הענט?... כאָטש גיי אוים פון הונגער!

כ׳האָב אָנגעהויבן ארומלויפן צו באקאנטע, צו לאנדסלייט. איניקע האָבן מיך אויסגעהערט מיט אָפענער פּחדנות, און געוואָלט מיך זען וואָס גיכער פון יענער זייט טיר... אנדערע האָבן אינגאנצן מורא געהאט אריינצולאָזן אין שטוב. חברים האָבן יאָ דאָרט מיט עפּעס ארויסגעהאָלפן. אזוי האָבן זיך אוועקגעשלעפּט חדשים.

צו משהן האָט מען נישט צוגעלאָזט. שפּעטער האָט זיך פארשפּרייט א קלאנג, אז מ׳שיקט אים ארויס. האב איך גענומען ארומלויפן, זוכן, בעטן ביז מ׳האָט מיר ארויסגעגעבן א דערלויבעניש אויף א זעאונג.

די נאכט פאר דער זעאונג, האָב איך שוין מיט קיין אויג נישט צוגעמאכט. פארטאָג האָט עס מיך ארויסגעטראָגן פון דער שטוב. דריי איך זיך אהער און אהין, מיטן קינד אויף די הענט, פון איין גאס אין דער צווייטער און די טראָפּישע זון הייבט שוין דערוויל אָן ווארעמען...

דאָס נישט דערשלאָפענע קינד דערקוטשעט. די זעאונג איז ערשט אויף עלף א זייגער... געפינענדיק זיך נישט ווייט פונעם שטאָט גאָרטן, האָב איך זיך אוועקגעזעצט דאָרט אויף א באנק און אָנגעהויבן אלעמאָל קוקן אקעגנאיבער אויפן זייגער. יעדער מינוט אויסגעצויגן, ווי מענטשלעכעליידן. פערעלע שלאָפט, אָבער אלעמאָל גיט זי זיך א ווארף דאָס פּנימל פארקרימט זיך, אויפן שטערנדל טרעטן ארוים טראָפּנס שווייס. די זון ברענט שוין גוט. כ׳בייט איין באנק אויף דער צווייטער זוכנדיק א שאָטן אויסצובאהאלטן דאָס קינד, און די זון רייסט זיך פון צווישן די צווייגן און טשמעליעט אין קאָפּ אריין. זיץ איך און טראכט וועגן מיין לאגע, וועגן לעבן פונעם ארבעטער־מענטש בכלל, וואָס האלט אין איין בויען הימלקראצערס ארבעט אוים אין פאבריקן די דינסטע געוועבן און פאר זיך, פארן איינציקן פיצל קינד, אפילו קיין שירעמל צו באשיצן פון דער זון! דאָ דערמאָן איך זיך אין אונדזערע מיידלשע חלומות: אין דער גרויסער שטאָט... — וועט מען ארבעטן, ארבעטן און לערנען; לערנען און שטייגן צו די העכסטע הויכן... — נאיווע, קליינשטעטלדיקע חלומות!

מיט די, און ענלעכע טראכטענישן, נאָך א שלאָפלאָזער נאכט, בין איך איינגעדרימלט.

ווען איך האָב מיך אויפגעכאַפּט איז שוין געווען האַלב עלף. א היץ — די לופט אָנגעגליעט. האָב איך אָנגעהויבן שפּאַנען, לויפן. שוין לעבן טורמע-הויף האָט פּערעלע נאָכאַמאָל אָנגעהויבן וויינען. וויינען עפּעס מיט א מאָדנע הייזעריק קולעכל, פון וואָס ס׳האָט מיר א ריס געטאָן אין האַרץ. כ׳שטופּ איר דערשראָקן די ברוסט אין פּיסקל — ניין! דאָס פּלעשעלע וואַסער — גיט זי דורשטיק עטלעכע זיפּ מיט די פאַרטריקנטע ליפּעלעך און פאַרוואַרפט זיפצנדיק מיטן קעפּל — וואָס טוט מען?!... דערווייל הייבט מען שוין אָן אויסרופן די נעמען פון די וואָס האָבן דערלויבענישן; ס׳ווערט א שטופּעריי, מ׳באַקוקט פון אַלע זייטן, מ׳זוכט אין די פּעקלעך. דורכגענומען מיט שטעכיקע, פאַרשנדיקע בליקן, איז מען דורך א קאָרידאָר אַריינגעקומען אין א גרעסערן צימער מיט פאַרגראַטע-ווערטע פענצטער; צעטראָגן האָב איך גענומען אַרומזוכן צווישן יענע גרויע אַרעסטאַנטן-קליידער, צווישן בלייכע פאַרוואַקסענע פּנימער און אָט האָב איך אים דערזען! און אָנגעהויבן ציטערן... — משה׳ס דעמאָלדיקער אויסזען וועט מיר נאָכגיין דאָס גאַנצע לעבן! — א שוואַרץ בערדל האָט באַרעמלט דאָס בלייכע, אויסגעצערטע פּנים, און די הענט אין די קורצע אַרבל, האָט ער פאַרלוירן אַלץ געזוכט אויסצובאַהאַלטן פאַר מיר, אָבער די געל-בלויע מיט בלוט פאַרלאָפענע פלעקן — נישט פאַרהיילטע וווּנדן, — האָבן זיך געוואָרפן אין די אויגן. מיר זיינען געשטאַנען אַזוי א ווײַלע איינער לעבן צווייטן און דאָס פּאַסיקע וואָרט — דאָס וואָרט, וואָס זאָל עפענען די מיילער אין דער אָנוועזנהייט פון די וועכטער, איז נישט געקומען.

איבערצורייסן די אָנגעצויגנקייט, האָט זיך משה אָנגעבויגן צום שלאָפנדיקן קינד און א דערשראָקענער אָנגעהויבן אָפּטרעטן אויף צוריק. כ׳גיב א קוק — פּערעלעס פּנימל איז רויט, די ליפּעלעך פאַרקרימט, אין די האַלב אָפענע אויגן: גסיסה. — פּערעלע!!!

מיט א פאַרצווייפלט געשריי בין איך אַרויס אויף דער גאַס. פאַרבייגייער האָבן מיך אַרומגעשטעלט, מ׳האָט מיך געפירט אין אן אַפּטייק... נאָר ביז די „גיכע” הילף איז אָנגעלאָפן, איז דאָס קינד אויסגעגאַנגען ביי מיר אויף די הענט; אויסגעגאַנגען פאַרוואַרפנדיק דאָס קעפּל, ווי א געשחטן טייבעלע...

דער דאָקטער האָט שפּעטער פעסטגעשטעלט, אַז דאָס קינד האָט פון דער גרויסער היץ געקראָגן א זון-שלאָג.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

איצט טייבל, טייערע, בין איך איינע אַליין... איינע אַליין! מיינע אויגן האָב איך שוין אויסגעוויינט. — וואָס-זשע וועט ווייטער זיין? די פּאָר און

דרייסיק יאָר מיינע פרוּוון זיך פון מאָל צו מאָל א שפּיל טאָן, ווילן מיך מאכן האָפן... — אויף וואָס? איז נאָך דאָ פאר מיר א טרייסט?...

— ווייסט וואָס משה שרייבט מיר אין לעצטן בריוו?

... „איך ראט דיך, ווארט נישט אויף מיר... די פּאָליטישע פארהעלטענישן זיינען איצט אזעלכע, וואָס דערמעגלעכן נישט אונדזער צוזאמענקומען. און דו — שרייבט ער — ביזט נאָך יונג, אויב דו טרעפסט א פּאסיקן מענטשן, פארבינד זיך מיט אים”.

— נו, ווי געפעלט דיר אזא טרוקענער חשבון?...

לעצטנס פארפאָלגן מיך אומרויקע געדאנקען: צוליב וואָס? אביסעלע מוט — איז אוים שלאָפלאָזע נעכט, אוים מיט דער טאָג-טעגלעכער דערשלאָגנקייט, אוים!... טייבעלע שרעק זיך נישט! אָט פיל איך, אז פונעם אראָפּרעדן זיך פונעם הארצן, איז מיר שוין ווי לייכטער געוואָרן. א קליינינקייט! — איין קלאַפּ נאָכן צווייטן; איינער שטארקער פארן צווייטן... — אפשר וועט די צייט פארהיילן פון אויבן די וואונד; מעגלעך דער באוואוסטזיין וועט מיך פארהארטעווען און איך וועל געפינען נאָכאמאָל א זין אין לעבן...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס אָנגעזאמלטע פּעקל בריוו, וואָס כ׳פּלעג דיר אלץ שרייבן און נישט אוועקגעשיקט, כדי דיר קיין צרות נישט צו פארשאפן, שיק איך איצט, נאָכדעם ווי די לאנדסלייט האָבן דיר שוין געשריבן וועגן מיר. זאָלן דיך די בריוו טיילווייז באקענען מיט מיינע איבערלעבונגען.

פארבלייב געזונט, ווי עס ווינטשט דיר דיין אומגליקלעכע חברטע:

**באסיע טישלער.**

...— אז מ׳הערט נישט מער ווי קראנקהייטן און דאָקטוירים! ס׳איז געוואָרן א מאָדע „קאנסער״... — זיפצט געגעצנדיק א דיקע פרוי אין די מיטעלע יאָרן און שפּאַרט אָן דעם בלאָנד־געפאַרבטן קאָפּ אויפן אָנלייג פונעם דיוואַן.

— וואָס ווייסט איר?... מ׳הערט זיך אָן מיט צרות... — לאָזט פאַלן א צווייטע.

א יונג ווייבל, וואָס האָט שוין געכאַפּט א געשמאַקן דרימל, גיט זיך א שטעל אויף פון א ווייכער שטול, ציט פויל די בויגיקע גלידער און פּיעשטשעט זיך ברוגזלעך:

— אונדזערע מענערלעך האָבן זיך היינט שיין פאַרשפּילט! הא... אויב זיי ענדיקן נישט שוין, גיי איך אליין אהיים!

מאַדאַם זיסמאַן, א פרוי א „פּעפּערל״, וואָס איז אריינגעקומען פונעם צווייטן צימער און האָט דאָרט באַלד אָנגעשמעקט אז אירער איז שוין „נקי״, שטעלט אָפּ דאָס ווייבל און גיט א טראַכט מיט וואָס זי צו פאַרהאַלטן.

— ראָזיניע, כ׳האָב גאָר פאַרגעסן — גיט זי זיך א כאַפּ — וואָס איז געוואָרן מיט דער דינסט וואָס כ׳האָב דיר צוגעשיקט? אוי די דינסטן!... — זיפצט זי — הערסט, אָפּט דערגייט אזוי ווייט אז וואָלסט אויספאַרקויפט „אַקל־פּאַקל״ און זיך ארויסגעצויגן אין א פענסאָן. מיינע האָב איך שוין נעכטן אויך ארויס־געוואָרפן: צום אָנבייסן זיינען געווען געסט. — ביי אונדז ווייסט איר דאָך — רעדט זי שוין אויך צו די איבעריקע פרויען — זיינען שטענדיק דאָ פרעמדע מענטשן צום טיש, איז טעלער אהער, טעלער אהין, — מ׳איז זיך צוגאַנגען. שפּאַר איך זיך צו אביסל. איז ווי אינמיטן הייבט זי אָן סטוקען מיטן געפּעס. גיי איך אראָפּ און בעט זיך ביי איר: „אפשר וואָלסטו עס געמאַכט אביסל שטילער, מאַריע! הערט זי מיך אויס... כ׳מאַך נאָר צו די אויגן — ווידער דאָסזעלבע! איז מען דאָך נישט מער ווי א מענטש... נו, נו! האָט זי געעפנט א פּיסק... א פּאָר אויגן גזלנעשע אָנגעשטעלט, אז דאָס בלוט אין מיר איז פאַר־קילט געוואָרן.

— גייט האַלט שונאים אין שטוב!

— איר שפילט זיך מיט די היגע דינסטן! — שאָקלט איר צו מיטן קאָפּ די באַלעבאָסטע און שלינגט דערביי אראָפּ א געַנעץ.

ווידער ווערט אויסגעלאָשן דער שמועס. א שטיל שווייגן. עס זעט אויס ווי דאָס וויזיט-צימער מיטן ווייך-געבעטן מעבל, מיט די אויסדראַפּירטע פאָרהאַנגען און באַשפּיגלטע טישעלעך ווילן כאַפּן א דרימל אונטער דער שוואַכער ליכט פון אבאַזשורן, צוזאַמען מיט די שלעפערדיקע געסט.

* *

*

מ'האָט שוין איבערגערעדט אויף וואָס די וועלט שטייט... ארומגערעדט כמעט די גאַנצע יידישע קאָלאָניע; אָנדערציילט וועגן פאַרשידענע קראַנקהייטן און וועגן דאָקטוירים אויסנוצערס, וועגן צרות פון דינסטן, וועגן ווילטעטיקע געזעלשאַפטן — און וועגן וואָס נישט??...

אויסגעשעפּט, שלעפעריק, האָט מען מער שוין נישט געקענט אָנהאַלטן די העפלעכקייט מיטן טאַקט און אָנגעהויבן צושטיין צו די שפּילנדיקע מענער מ'זאָל שוין אַמאָל פאַרענדיקן.

— „מאָרגן איז אויך א טאָג” — האָט מען זיך געבעטן.

די געווינענדיקע, ווי וואַרטנדיק דערויף, האָבן א קוק געטאָן אויפן זייגער און זיך געכאַפּט:

— פ-י-ו-ו! האַלב דריי...

— קינדערלעך ס'טאָגט שוין באַלד!

ביי וועמען דער ווינט האָט שוין געבלאָזן אין די אויסגעליידיקטע קעשענעס, האָט זיך נעבעך געוווערטלט מיט „יאַשטשערקעס”:

— ווע, מאָרגן דאַרף מען נישט אויפשטיין...

— הלוואי איז אַלע טאָג זונטיק!

— טאַקע — געפינט פאַר זיין פליכט דער באַלעבאָס, וואָס האָט שוין אליין אויך פאַרשפּילט א שיינע פּאָר מיל, זיך אריינצומישן — מ'קען נאָך מאַכן עטלעכע „וואָלטעס”. אנו זים לעבן — גיט עד א וווּנק צום ווייב — ווייז אהער א פרישׁ קאַווע!

* *

*

פליען ווייטער קאָרטן אין געניטע הענט; ווייטער קוקט ווער מיט א פאַרזשמורעט אייגל, ווער פאָרזיכטיק מיטן גאַנצן ערנסט, קוים באַרירנדיק די שפּיץ-קאָרטן.

און אָט גיבן א פּאָר אויגן א פּארבאָרגענעם פינקל. ווי א געעפנטן פּאָכער לייגט יענער זיגרייך אוועק די קאָרטן און הייבט אָן מיט א ציטערנדיקער האנט שארן צו זיך די אָנגעוואָרפענע פּופּציקערס און צוואנציקערס.

— „ראָיאַל-סטריט-פלעש”! — זיפצט מען ציענדיק מיט די אקסלען.

— אַז ער קען, איז ער ווערט!

גייען קאָרטן איבער אין אנדערע הענט און איבערן טיש אין דער לופט צווישן די שפּילערס, גנבענען זיך נישט פארגינערישע געפילן; אין דער לופט הענגט זייער ווונטש דעם געווינער:

— „ער וואָלט געמעגט... — ווי ס׳גייט אים היינט!

די פרויען ווילן שוין נישט אָפּטרעטן, כאפּן א זייטיקן בליק אין יענעמס קאָרטן און פּרוּוון מיט א זשמורע, מיט א פּינטל פונעם אויג, צו געבן אָנצוהערע־ניש, ראָטן די מענער ווי צו מאכן א „גאנג”. און דאָס יונגע ווייבל לאָזט ווידער פאלן איר פּראָטעסטירנדיק וואָרט:

— אוי דער פּאָקער! פארשפּילט מען זיך, — איז אוים ווייב. מ׳פארגעסט אז די קינדער זיינען געבליבן אליין!...

נו פּרוּווט און לאָזט נישט, וועט אייך העלפן?

— הא! איר האָט שוין געהערט דאָס „שיינע” — די לעצטע נייעס? — כאפּט זיך אויף מאדאם זיסמאן א צופרידענע מיט דער געלעגנהייט ווייטער צו פלעכטן דעם שמועס.

— היי! קאטשקעס... לאָז זיין שטיל! — הייבן אָן שרייען די מענער.

— הער נאָר הער! קומט אריין אין קאָרידאָר, מ׳שטערט זיי צום מסחר!... דאָרט נעמט די פרוי זיסמאן שטיל דערציילן וועגן א „גרינער” וואָס האָט דאָ נישט לאנג חתונה געהאט און האָט זיך איינגעשפּארט — זי וויל אים נישט לאָזן שפּילן! ווי ער האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן פארפאלן צו ווערן פון דער שטוב — היינט אַזאַ תירוץ, מאָרגן א צווייטער. צוריק מיט א פּאָר טעג, זאָגט ער איר זי זאָל נישט וואַרטן מיטן נאכטמאָל — ער האָט אָפּגעזוכט אַן אדרעס פון א „צוואָק” און האָט זיך פארלעגט: ער מוז אים פּאקן...

— גוט צו זאָגן, נישט וואַרטן!

ס׳איז שוין איינס אזייגער... ס׳איז שוין צוויי, ער איז אלץ נישטאָ! ווערט דאָס ווייבל נעבעך אומרויק, ס׳טראָגט זי אראָפּ פונעם בעט: אזוי שפּעט ביי א קונד?! נישט אנדערש — ארעסטירט אָדער ווער ווייסט חלילה וואָס... זי וועט אים לויפן זוכן. — איז ווי זוכט מען א קליענטעלשטיק אין ריאָ? פאלט איר איין — זי וועט אויפוועקן ביי דער קאָזינקע וואָס ווינט נישט ווייט און זיך באַראָטן וואָס צו טאָן. ווען זי איז צוגעקומען צו יענערס שטוב און דערזען אז

אין א הינטערשטן צימער לייכט זיך נאָך, האָט זי אפילו נישט אָנגעקלאַפּט און גלייך אריין דורך דער קיך.

— אוודאי איז ער געזעסן דאָרט דער תכשיט אירער און האָט געדאווענט!...

איז געווען פריילעך, פרעגט נישט... די בראזיליאנער שכנים זיינען אריינגעלאָפן, וואָס ווייסט איר! מ'זאָגט: ס'האלט שוין ביי גטן זיך.

— נישט לאָזן — מ'דאַרף האָבן אביסל שכל אויך און טאַקט, אזוי זאָגט דאָס ווייבל וואָס האלט אין איין סטראשען אז זי גייט אליין אהיים.

— אוודאי דארף מען האָבן טאַקט — האלט מיט איר דאָנא עסטער, די באלעבאָסטע און בעט זיך ביי די געסט אריינצוגיין צוריק אין „סאלא דע וויזיטא" זי וועט א מאַך טאָן א פריש קאַווע'לע.

בעתן אויפזידן דאָס וואסער טראכט דאָנאַ עסטער זיפצנדיק: נעכטן דוכט זיך איז איר אלץ געראָטן: דאָס געבעקס, די טאָרטן לויט די נייע „רעסייטעס" מיט וועלכע זי האָט געדענקט אויסצונעמען. די שטוב אויך אויסגעפּוצט נישט ערגער ווי ביי די רייכע געשעפטסלייט און דאָך האָט זיך עפּעס נישט געקלעפּט. שוין ארום צען אזייגער האָבן די ווייבער זיך אָנגעהויבן צו לאנגווייליקן און צו דרימלען; אפילו איר איינפאל צושטעלן ווייִן צום טיש, אויפצוהייבן די שטימונג, האָט אויך אויף לאנג נישט געהאָלפן. — און וואָס איז צו חידושן זיך: מ'איז נאָך נישט אויסגעשלאָפן פון דער פאַבריקער נאכט. מ'קומט נאָר אריין, זיצן שוין די מענער ווי אויף שפּילקעס; בריענדיק זיך מיט דער טיי, ווינקט מען זיך איבער און איינציקווייז טראָגט מען זיך אָפּ אין צווייטן צימער: „קאָרטן — זאָגן זיי — האָבן פיינט איבעריקע אויגן..." בלייבט מען איבער אליין. רייד אהער, אהין — הייבט אָן נודיען. זי אלס באלעבאָסטע האָט אלע אירע מיטלען אָנגעוואָנדן: אויסדערציילט ווי אן אנעקדאָט, געדרייט דעם ראדיאָ, געשריבן „רעסייטעס" פון די טאָרטן, געהאלטן אין איין סערווירן — נאָכאמאָל און ווידעראמאָל קאַווע'לעך.

— אוי ווען סאָלאָמאָן געווינט כאָטש איין „באנק" און ווען מ'צעגייט זיך שוין! קוים וואָס זי האלט זיך אויף די פיס פונעם ארומטאנצן א גאנצע נאכט.

ווען זי טראָגט אריין די טאַץ מיט קאַווע'לעך, ציט נאָך דאָרט מאדאם זיסמאן דעם זעלבן שמועס:

— כ'זאָג אז א קליין פּאָקערל ווי אונדזערע מענער שפּילן — היינט ביי מיר מאָרגן ביי א צווייטער פאמיליע, איז נישט געפערלעך!

— נישט געפערלעך... — קען שוין איינע פון די פרויען זיך מער נישט באהערשן — מיר זאָלן זיך אָפּנודיען א גאנצע נאכט און זיי זאָלן שפּילן... ניין! קאָרטן לויט מיין מיינונג, איז אן אזארט-שפּיל, א געזעלשאפטלעכע קרענק וואָס

מוז געהיילט ווערן. נאָר קאָרטן און קאָרטן... מ׳פארשפּאָרט ארייננצוקוקן אין א ביכל, אין א צייטונג. ווייב און קינדער און פרנסה — ווערט פארנאכלעסיקט...

ס׳איז נישט אזוי מסוכן... — קוקן זיך איבער די ווייבער און די זיסמאן שלאָגט איר איבער די רייד:

— ווייס איך וואָס... פון יעדער קלייניקייט מאכט איר א גאנצן בער... דאָס בעסטע זאָג איך: מיר זאָלן אויך שפּילן — איר ווילט שפּילן, געזונטערהייט! מיר וועלן אויך טאָן דאָסזעלבע און אוים קריגעריי!

— יאָ — צעלאכט זיך דאָס יונגע ווייבל — מ׳דארף נאָך א פרעג טאָן די מענער אונדזערע... זיי מעגן אלץ...

— מ׳געפינט שוין אן עצה!... די דאמען פון „קאָפּאָקאָבאָנאָ״ מאכן נישט אלע טאָג „מאטינע״? מ׳זאָגט, אז איינע א גאנצע קנאקערן, האָט געכטן אפילו דאָס חתונה־רינגל פארשפּילט.

* * *

ווען מ׳הייבט זיך אָן קלייבן אהיים, בלויעט שוין אויף טאָג.



לזכרון די בעסאראבער קדושים,
אומגעקומענע אין נאצישן גיהנום
בעתן גרוש פונעם בלוטיקן טראנס־
ניסטריע־מארש קיין אוקראינע.

פייגע האלפערן איז שוין גרייז-גרוי און איינגעהויקערט — אַ זקנה.

— און וויפל מיינט איר איז זי אינגאנצן אלט?

— נאָך קיין פופציק אפילו נישט אריבערגעשפאנט!

אין אירע פנים-קנייטשן, זעט מען, איז איינגעקריצט א וועלט מיט פיינפולע איבערלעבונגען; בלויז די טונקעלע, קלוגע אויגן אירע, קוקן נאך נישט אויס-געלעבט.

פון א ברייט-פארצווייגטער משפחה, איז פייגע כמעט איינע אליין געבליבן לעבן.

זעקס קינדער האָט זי געהאט, געראָטענע קינדער, מיט אלע מעלות... איצט איז איר געבליבן נאָר דער איינציקער זון, וואָס איז נאָך פון פאר דער מלחמה אין בראזיל.

אין ערשטן גירוש — פון בעסאראביע קיין אוקראינע — אין יענעם בלוטיקן טראנסניסטריע-מארש, האָט מען אלע, דאָס גאנצע שטעטל יידן, ארויס-געריסן פון זייערע היימען און געטריבן זעקס וואָכן צופוס ביזן ערשט-לאַגער.

דער באַפעל צו פאַרלאָזן דאָס שטעטל, איז געקומען אינגאַנצן אומגעריכט, אין אַ פרייטיק אַרום עלף אַזייגער. אין צוויי שעה ארום, האָט מען זיך געמוזט צושטעלן אין מארק. די רומענישע פאַשיסטן, די „קוזאָווצעס", האָבן לויט דער געסטאַפּאָ פאַראָרדענונג, געהאַלטן דעמאָלט אין איין יאָגן די יידישע באַפעלקערונג פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער. יענעם פרייטיק זיינען מיטן וועג פון דעם „גאָלדענעם באַרג" אָנגעקומען די יעדעניצער יידן און באַלד, צוזאַמען מיט די ליפקאנער און יידן פון די נאָענטע דערפער, געדאַרפט ווייטער געטריבן ווערן אין דער ריכטונג פון אָטיק.

נאָך איידער די צוויי שעה זיינען אויסגעגאַנגען, האָט מען שוין אָנגעהויבן טרייבן פון די היימען.

אָנגעפּעלצטע מיט בינטן און מיט קלומיקעס, איז מען געגאַנגען, מיט וויי-נענדיקע קינדער אויף די הענט, קינדער פלאָנטערנדיק זיך פאַר די פיס, קינדער

געפירטע אין די וועגעלעך; פון גאַסן און געסלעך איז מען געלאָפן אין טויט־שרעק אונטער שמיץ פון נאַהייקעס און אָנגעשטעלטע ביקסן.

נאָכמער צו פאַרשטאַרקן די אַלגעמיינע פּאַניק, האָבן די „קוזאָוועס” אונ־טערגעצונדן שטיבער אין פאַרשידענע עקן שטאָט.

צעטומלטע און געיאָגטע, האָט מען איבערגעלאָזט הינטער זיך דאָס ברע־נענדיקע שטעטל, האָב און גוטס.

טעג און נעכט, געטריבענע צופוס אין יענעם בלוטיקן מאַרש, פון הונגער און אָפּגעשוואַכטקייט, האָבן מענטשן אָנגעהויבן אַוועקפאַלן אויף די וועגן, ווי פליגן.

אין יענע קאָלאָנעס, רייען נאָך רייען וואָס האָבן זיך געצויגן מײַלן־ווײַז בײַ די ראַנדן פון פעלדער און וועלדער, הפקר אויפן באַראָט פון די דאָרפישע הינט, — האָט פייגע איבערגעלאָזט אירע קינדער, דעם מאַן, די שוועסטער און דעם אַלטן טאַטן....

נאָר ביז היינט קען פייגע נישט פאַרשטיין, ווי האָבן זיך צו איר גענומען אַזויפיל כוחות זיך ווייטער צו שלעפן און דערשלעפן דאָס בינטל ביינער ביזן לאַגער.

שוין עטלעכע יאָר ווי זי איז אין בראַזיל און דער נאַצי־גהינום לעבט נאָך אַלץ אין איר: בלייבט זי נאָר אַליין, אַזוי ווי זי פאַרמאַכט נאָר די אויגן, גיט נאָכ־אַמאָל אַ שפּאַר יענער איבערגעלעבטער שוידער און עס שווימען אויף אין זכרון דערינערונגען:

— אָט זעט זי דאָס ברענענדיקע שטעטל... די שטוב בירושה פון די עלטערן ווו יעדער ווינקעלע איז איר געווען אַזוי טייער, איינגעבאַקן אין האַרצן... זי זעט די וויינענדיקע צימערלעך, מיט די צעעפנטע שאַפע־טירן; אַלץ איז אָנגע־וואָרפן. — וואָס קען מען מיטנעמען?... זי נייט איין דאָס ביסל צירונג אין סטאַ־ניקל, כאַפּט אויף זיך וואָס נאָר זי קען: קליידלעך אויף קליידלעך, פון אויבן דעם פיטערנעם מאַנטל, דערנאָך ערשט אַ שאַל; דער מאַן און די קינדער אָנגע־פּעלצט, מיט בינטן און מיט קלומיקלעך אויף די פּלייצעס... מ'טרייבט, מ'יאָגט... פון אַלע גאַסן יאָגט מען — אָרעם און רייך — ווי סטאַדעס שעפּסן צעטומלטע.

אַ צווייט מאָל זעט פייגע יענעם נעפּלדיקן פאַרטאָג... יענעם פאַרטאָג וואָס זי וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן: לאַנגע קאָלאָנעס ציען זיך אַרום פונעם גרוי־נאַסן וואַלד, ווו מ'האָט איבערגענעכטיקט. אויסגעמאַטערטע, פון הונגער פאַר־בלוטע, טראָגט מען מיט זיך, אין ליילעכער איינגעוויקלט, שלאָפנדיקע קינדער;

זי מוז זיך אויך נאָכשלעפּן אין דער ריי און רייזעלע די מוזינקע, איר אויג אין קאָפּ, וואָס איז אויסגעגאַנגען באַנאַכט אויף אירע הענט, לאָזט זי איבער... א לעצטן קוק טאָן, אַפילו צודעקן מיט די צונויפגעשאַרטע בלעטער, לאָזט מען אויך נישט...

רייזעלע שטייט איר ווי פאַר די אויגן: פאַרגעלט און אויסגעדאַרט... דער בלאָנדער קוטשעראַווע קאָפּ — איין קאָלטענע. די לייז קריכן איר איבער פּנים און זי ווערט זיך שוין נישט מער....

אַזוי האָט זי זיך נאָך געשלעפּט ביז אין דער לעצטער מינוט!... — —

... און די צוויי עלטערע שוועסטער פייגעס, ווי זיי זיינען פון הונגער פאַר־שוואַלענע אַוועקגעפאַלן אויף יענע וועגן... און דער אַלטער טאַטע, ווי מ׳האָט אים נאָך אַ לעבעדיקן אַריינגעשאַרט אין אַ ריטשקע...

זי, האָט זיך ווייטער געשלעפּט אין שפּאַן... — ווער האָט דען געקענט לעבעדיק אָפּשטיין? די צעפליקטע שיך — אַראָפּגעוואָרפן און מיט פאַרבלו־טיקטע, פאַרשטאָכענע פיס נאָכגעשלעפּט הויט און ביינער; טעג, וואָכן!

נישט איינמאָל טראַכט זי איצט, אז צו יענעם אומגליק האָט זי נאָך מ׳שטיינס געזאָגט, געהאַט גליק... — טויזנטער מענטשן אויף די וועגן זיינען אַוועקגעפאַלן; טויזנטער אין די הינטערשטע רייען, האָבן די ציגיינער אויס־געהרגעט און באַראַבעוועט אויף אַזאַ כיטרע אופן, אז די פעדערשטע רייען האָבן אַפילו נישט אָנגעהויבן צו וויסן. — און זי האָט זיך געהאַלטן אויף די פיס...

ווי דורך א נס האָט זי שפּעטער אויך באַוויזן זיך אַרויסצוכאַפּן פונעם לאַגער און זיך איינצובעטן אַלס דינסט צו אַן אוקראַינער דאָקטאָר. געפּוצט ביי אים די פּאָלן, געוואַשן וועש פאַר דער גאַנצער פאַמיליע און אויף אַזאַ אופן זיך אויסגעהיט פונעם מלאך־המות נעגל.

ווען די רויטע אַרמיי האָט באַפרייט יענע געגנט, און ס׳האָט זיך צעטראָגן דער ניגון פון גאולה און האָפענונג, דעמאָלט איז שוין פייגע געווען צו שוואַך צו קענען אויפנעמען יענע גרויסע פרייד. ערשט דעמאָלט האָט זי דערפילט די גאַנצע עלנטקייט און איר גרויסן צער; דערפילט די ברענענדיקע ווייטיק נאָכן אומגעקומענעם מאַן און קינדער, נאָך דער משפחה, נאָך דער היים און האָט געהאַלטן אין איין וויינען; אַזוי איז זי צוגעפאַלן צום יידישן קאָמאַנדיר מויסיי אבראַמאָוויטש מיט אַ ביטער געוויין, ווי אַן אויסגעמוטשעט קינד צו דער אייגענער מאַמע. יענער קאָמאַנדיר... ער זאָל גאָר קיינמאָל פון קיין שלעכטס

נישט וויסן! — ווי אַ ברודער האָט ער מיט איר זיך אינטערעסירט: אָוועקגעשריבן צום זון, אַריינגעגעבן אין אַ שפּיטאָל, ווו זי איז שוין אָפּגעוועזן, ביז הערשל האָט זי אַרויסגענומען אַהער.

* *
*

אין ריאָ־דע־זשאַניירא איז פייגע שוין עטלעכע יאָר. דער זון, זאָל געזונט זיין, איז איר געטריי, גיט אָפּ כבוד דער מאַמען און זוכט איר נאָר פאַרגיטיקן מיט וואָס ער קען, אָבער אירע וווּנדן וועלן שוין קיינמאָל נישט פאַרהיילט ווערן..

אַנומלטן האָט ער זי געפירט אויף אַ שפּאַציר קיין טערעזאָפּאָלים, אַרומגעפירט זי און געהאַלטן זיך אין איין באַרימען מיט זיין בראַזיל...

— ער האָט דען נישט מיט וואָס? יענע לאַנדשאַפט! די רויט־ערדיקע, גלאַטע וועגן צווישן די בערג איבער וועלכע דער אויטאָמאָביל פליט, ווי אַ שליטן באַרג אַראָפּ אויף אָן אויסגעריבענעם וועג; די הענגענדיקע וואָלקנס דאָרט אין די טאָלן, יענע בלומען אויף שריט און טריט! און די טייערע לופט, פונקט ווי אויף אַ קוראָרט אין דער היים! מ׳קען דאָ לעבן!... ס׳זאָל נאָר זיין שטיל. — זיפצט פייגע.

פון זינט זי הערט, אַז די היטלעריסטישע רוצחים דרייען זיך דאָ אַרום פראַנק און פריי און ווילן זיך שוין אין בראַזיל מאַכן זייער נעסט, שלאָפט זי נישט דורך די נעכט: זיי קענען נאָך, די שעה זאָל נישט קומען, דאָ אויך אָנמאַכן אומגליקן...

* *
*

הערשל, ווען ער איז אין שטוב, לאָזט ער זי קיין שטרוי פון דער ערד נישט אויפהייבן. אָבער פייגע אַליין, וויל נאָך קיין אָנלייגערן נישט זיין און כאַפּט זיך ביי יעדער געלעגנהייט אַרויסצוהעלפן דער שנור אין דער באַלעבאַטישקייט. איז שיין אין דרויסן, נעמט זי אַרוים די קינדער אינדערפרי אויף אַ שפּאַציר, אַקעגנאיבער אויף דער „פּראַסיניע”. זי האָט אויך ליב די שפּאַצירן.

צוריק מיט עטלעכע טעג, האָט זי באַטראַכט דאָס גערטנדל, באַוווּנדערנדיק גאָטס שיינקייט: ביינאַכט האָט געהאַט גערעגנט, זיינען די ביימער געווען גרינער און די בלומען פרישער; דער הימל האָט זיך אויסגעלייטערט, ביים האָריזאָנט האָבן נאָך ווייסע וואָלקנדלעך זיך לאַנגזאַם געצויגן לענגאויס און ביסלעכווייז אויך צעשוווּמען.

אַ פריילעכער ליאַרעם פון פאַרבייגייענדיקע שילער, האָט אָפּגעצויגן דער אַלטערס אויפמערקזאַמקייט פון דער נאַטור־שיינקייט. נאָכקוקנדיק זייער זאָרג־לאָזיקייט, האָט זי זיפצנדיק געשאָקלט מיט קאָפּ. ס'האָט זיך איר דערמאָנט די אייגענע יוגנט: אַן אומרויק קינד איז זי געווען און שטאַרקן ווילן געהאַט... אַמביציע — אַ וועלט! אפשר — טראַכט זי — איז דאָס טאַקע געווען דער כוח אַדאַנק וועלכן זי האָט געקענט איבערטראָגן דעם נאַצישן גהינום — איר רייסן זיך צו בילדונג! ווי שווער איז דאָס אָנגעקומען אין קליינעם שטעטל! דאָס לייענען שפּעטער פאַרבאָרגענע ביכלעך אויפן בוידעם און דאָס גריבלען זיך אין ערנסטע פּראָבלעמען! עס דערמאָנט זיך דעם פאָטערס שטענדיקער ענטפער אויף אירע, פאַרוואָסן: „אויף גאָטס דרכים, טאָכטער, פרעגט מען נישט קיין קשיות!" נאָר זי האָט עס ביי אים געקענט פועלן ער זאָל זי אַוועקשיקן קיין קאָמעניץ, אין דער גובערנסקע שטאָט, לערנען. — וואָס פאַראַ דערגרייכונג, וואָס פאַראַ גליק עס איז געווען ביי איר, ווען זי איז דאָרט אָנגעקומען אין גימ־נאַזיע... דעמאָלט זיינען טאַקע געווען אירע בעסטע יאָרן! יענע יוגנט האָט געברויזט מיט אידעאַליזם, מיט גלויבן: מ'וועט אויסקעמפן אַ פרייע, אַ שיינע צוקונפט פאַר דער מענטשהייט... — — — — — — — — —

— איי וויפל וואַסערן פון דעמאָלט זיינען שוין איבערגעלאָפן! און פייערן.. וויפל איז זי לעצטנס אויסגעשטאַנען? — אַ קלייניקייט!..

זיך צוקוקנדיק ווי די אייניקלעך שפּילן זיך צונויפשאַרנדיק מיט די לאָפּעט־קעלעך דאָס זאַמד, ווי זיי קלאַפּן עס אוים מיט די הענטלעך גאַנצע טורעמס — רייסט זיך ווידער אַרוים ביי פייגען אַ טיפער זיפץ:

— פונקט אין אַזאַ אינדערפרי, האָט מען דאָרט אין לאַגער אַוועקגעריסן די קינדערלעך... — פּיצעלעך, זויג־עופהלעך... — גיטלס פאַניטשקען... משה־לען... אַלע אַוועקגעפירט אויף אַ „קינדער קאָלאָניע". צוריק האָט מען געבראַכט זייערע פאַרבלוטיקטע בגדימלעך... — — — — — — — — — —

עפּעס אַ באַראַבאַנעווען, וואָס דערטראָגט זיך אַהער, דאָס לויפן פון די צעפּלאָמטע אייניקלעך צום וועג, וועקט פייגען פון איר טראַכטן. זי גייט זיי נאָך און דערזעט ווי פון דער צווייטער גאַס קומען אָן סאָלדאַטן, רייען נאָך רייען מאַרשירן סאָלדאַטן, און הינטן פאָרן נאָך וועגענער אַמוניציע, פעלד־קיכן, האַרמאַטן, טאַנקן. פייגע קוקט און אירע אויגן ווערן גרעסער, צעפּינט־לען זיך. הענט און פיס הייבן איר אָן ציטערן: „מלחמה!... אַ נייע מלחמה!" — גיט אַ טשמעליע אין קאָפּ, זי כאַפּט אָן די קינדער און וויל מיט זיי לויפן, אַנטלויפן...

קוקן די איינינקלעך פאַרוואונדערט אָן די דערשראָקענע באָבע. דאָס עלטע־רע שמייכלט צו איר ווי אַ גאַנצער סטאַטיק, גלעט איר די הענט און באַרויקט זי:

— „נאָ ע נאַדאַ וואָוואָ... סאָן סאָלדאַדאָס!" *)

ס'גייט אַוועק דערנאָך אפשר פופצן מינוט ביז זי טשוכעט זיך אויס ווי נאָך אַ וויסטן חלום. זיך צוריקזעצנדיק אויף דער באַנק לאָזט זי שוין די קינדער נישט אָפּ פון זיך; דאָס האַרץ קלאַפּט איר נאָך אַלץ פון אויפרעגונג און זי האַלט אין איין טראַכטן, ווי דער גרויל פון יענע יאָרן טליעט נאָך אַלץ אין איר, איז איינגעזאַפּט ביי איר אין בלוט און רופט זיך אָפּ אין ענלעכע מאָמענטן.

אונטער יענער ווירקונג דערמאָנט זיך פייגען דאָס נעכטיקע פאַר־פאַלק, וואָס גייט אַרום מ'זאָל אונטערשרייבן דעם סטאָקהאָלמער אפּעל פאַר שלום. — ווי זיי האָבן עס גערעדט!... פערל פונעם מויל!

...„מיר גייען אַרום וואָרענען, וועגן דער סכנה פון אַ דריטער וועלט־מלחמה, וואָס דראָעט צו פאַרניכטן מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן!

...„יעדער אָן אויסנאַם: מאַן, פרוי און קינד — מיט זיין אונטערשריפט, דריקט אויס דעם פּראָטעסט קעגן מלחמה — — — — — — — — "

— געבענטשט זאָל זיין יעדער טריט זייערער! ווינטשט זיי פייגע אין האַרצן, און פאַרטראַכט זיך דערביי:

— וואָס ווייסן זיי דאָ פון מלחמה?.. געדאַרפט זיי דערציילן וועגן יענע גרויזאַמע איבערלעבונגען אין נאַצי־גהינום — זי האָט זיך געוווּנג אָנצודערציילן!...

די ברייטע בעסאַראַבער שליאַכן לעבן אויף אין זכרון: געטריבענע, אויס־געהונגערטע קאָלאָנעס, רייען נאָך רייען שלעפּן זיך פאַרביי אָן אָפּגעברענטע דאָרף; הינטן... הינטן לויפן פון אַלע זייטן... אומעטום טויטע מיט אָפּגעריזעטע גלידער... אָט ליגט אַ מוטער מיט אָפּענע פאַרגלאָזטע אויגן און אין אירע פאַרגלי־ווערטע הענט, צוגעדריקט צו דער ברוסט, אַ גוססדיק קינד!...

— פון די טויזנטער בעסאַראַבער יידן, וויפיל האָבן זיך איינגאַנצן דער־שלעפּט ביזן לאַגער? — זיפצט פייגע און ווישט די טרערן — און וויאַזוי האָבן זיי אויסגעזען?...

— נו: און שוין דאָרט?...

---

*) — „נאָ ע נאַדאַ וואָוואָ... סאָן סאָלדאַדאָס"! — עס איז גאָרנישט באָבע, עס זיינען סאָלדאַטן.

נאָר זי — דער לעבעדיקער עדות ווייסט וואָס מלחמה, פּאַשיזם, ברענגט מיט זיך; זי האָט צוגעזען מיט אירע אויגן, ווי פרידלעכע מענטשן ווערן פאַרוואַנדלט אין ווילדע חיות וואָס מאָרדן, שענדן און רייסן לעבעדיקע קינדער... — —

— צי מ׳דאַרף וואָרענען?... אוי דאַרף מען! מ׳מוז!

זי וואָלט אויך אַרומגעגאַנגען מיט זיי!



## עטלעכע ווערטער צום לייענער.

די גרעסערע באשרייבונג: **„בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין פּוילן"** וועלכע איך האָב שפּעטער ארויסצוגעבן אין בוך־פאָרם, איז באזירט אויף אויטענטישע פּאסירונגען און איבערלעבונגען פון איינער א ווילנערן, וואָס האָט מיטגעמאַכט אין „ירושלים דליטע" זינט 1941 די גאנצע היטלער־פּיין, איז געטריבן געוואָרן אין געטאָ און אויסבאהאלטן זיך אין „מאַלינעס", געווען אין קאָנצענטראציע און אין פאַרניכטונגס־לאגערן.

ווען די קרעמאטאָריעס האָבן שוין נישט אויפגעהערט צו טשאדן מיטן רויך פון די יידישע קרבנות, האָט די העלדין אונדזערע געהאט דאָס גליק, צוזאמען מיט נאָך אַ פּארטיע יידישע און ציגיינער־שקלאפן, אויסגעקויפט צו ווערן ביי הימלערן פון דעם גרויסן מענטשן־פריינד — בערנאַרדאָטן און אוועקגעפירט ווערן קיין שוועדן.

די פראַגמענטן וואָס גייען אריין אין דעם בוך, זיינען נישט געגעבן לויטן סדר.

# אין סאָלנע געסל

אין א שטילער, שמעקנדיקער געגנט ארום ווילנע, צווישן קריסטלעכע שכנים, אין יענעם שמאָלן סאָלנע געסל ווו דיביימער־צווייגן פלעכטן זיך צוזאַמען — דאָרט איז פייגעלע געבוירן; דאָרט האָט זי אויסגעלעבט איר קינד־הייט און אירע ערשטע מיידלשע טרוימען, איינגעזאַפּט אין זיך מיט דער מוטערס מילך יענעם שארפֿן ריח פֿון צעבליטער אקאציע און בעז, יענע פרישע לופֿט און די ארומיקע נאטור־שיינקייט.

אַט זעט זי די גרינע לאַנקע נישט ווייט פֿון זייער גאָרטן, ווו זי פלעגט זיך ליב האָבן צו פארקלויבן אין די שבתים; צווישן קוסטעס — אויסציען זיך אין גראָז און מיט האלב־פארמאכטע אויגן צוהערן זיך צום גערויש פֿונעם פאלנדיקן קוואל־וואסערל און צום מאָנאָטאָנען מעלה גרה׳ן פֿון זייער ברוין פערדל.

ווו דער בליק פאלט — גרינס, מארגאריטקעס... א ים מיט פעלד־בלימלעך!...

— קראנצן שמעקנדיקע פלעכט זי און צירט זיך אין זיי!

אויך פריש אין זכרון איז דאָס ווייסע הייזל, ווו זי האָט געקענט מיט דער האנט כמעט דעם דאך דערגרייכן; דער ליפּע־בוים ביי די פעדערשטע פענצטער, מיט די אראָפּהענגענדיקע צווייגן איבער דער באנק!

זי איז נאָך גאָר א קינד... און זיצט אויף דער באנק צוגעטוליעט צו דער שבתדיקער מאמע, וואָס קוקט שוין ארוים אויף די ערשטע שטערן, צו קע׳נען זאָגן: „גאָט פֿון אברהם״; פֿונעם צווייטן הויף איבער דער נידעריקער אַפּצוימונג, פארוואקסן מיט קלעטערנדיקן גרינס, טראָגט זיך א פארבענקט געזאנג, באגלייט אויף גיטארע, פֿונעם פּוילישן לערער, דעם שכן. זי לאַשטשעט זיך צו דער מאמען, בעט זי:

— „ס׳איז נאָך פרי מאמענקע!... דערצייל נאָך עפּעס״...

ווען זי איז אונטערגעוואקסן, פלעגט די מוטער שטענדיק איר דערציילן וועגן דער עלטערער שוועסטער, וועגן נחמהן.

... איי טעכטערל! — האָט זי זיך געקלאָגט — כ׳האָב שוין מיט אייך איבערגעלעבט קאַלטס און וואַרעמס!״...

אַראָפּרוקנדיק דעם זאַק, האָט זי איר געוויזן סמנים פון פאַרהיילטע ווונדן אויף א פּוס און זיפצנדיק דערציילט:

אין א יום־כפור צו כל־נדרי איז דאָס געווען, ווען מ׳האָט זי דאָס ערשטע מאָל אַרעסטירט און קיינער האָט נישט געוווּסט: איטלעכער איז געווען אין שול. ביינאַכט, מ׳איז שוין געשלאָפן, האָט דאָס גאַנצע שטיבל ווי אויפגעציטערט פון א סטוקעניש אין טיר. דערזעענדיק פּאָליציי, האָט אָפּגענומען דאָס לשון... און איידער וואָס, זיינען זיי שוין אומעטום פּול: מ׳נישטערט, מ׳וואַרפט אַרויס פון די אַלמערס, פון די שופלאָדן און מ׳האַלט זיך אין איין נאָכפרעגן אויף נחמה׳ן. דער טאַטע, א צעטומלטער, האָט זיי אָנגעוויזן אויף איר חדרל, אָבער זי, די מאַמע האָט זיך געגעבן א שטעל אַוועק אויף דער שוועל פאַרשטעלנדיק זיי דעם וועג. האָט איר איינער א באַנדיט א זעץ געטאָן מיטן שטיוול אין פוס און די אַנדערע האָבן שוין אַריבערגעשפּאַנט איבער איר.

— נחמה איז גאָר דאָרט נישט געווען!... דאָס בעטל אירס אויפגעראַמט... זיי האָבן אָנגעהויבן איבערוואַרפן אירע זאַכן, אַרומנישטערן. איינער, אָפּ־שפּאַטנדיק, האָט א זאָג געטאָן:

— „אייער טעכטערל איז שוין ביי אונדז אין די הענט!...״

אויפצומאָרגנס האָט מען זיך ערשט דערוווּסט, אז אין צווייטן הויף איז מען איבערגעפאַלן א געהיימע דרוקעריי און ווען די „אָכראַנקע״ איז אָנגע־קומען, האָט זי פּונקט געטראָפן נחמהלן אַרויסטראָגן, צוגעדעקט מיטן סעקעלע, יענע פאַרבאָרגענע ביכלעך. „וואָס טראָגסטו דאָ?״ — האָט מען זי געפרעגט — זי טראָגט שמות אין שול אַריין.

—„הער אן איינפאַל פון א קינד!״

די מאַמע האָט שטאָלצירט מיט דער שוועסטער:

— „אַזאַ חכמה! איר דרייסטקייט!״

ווען ס׳האָט אויסגעבראָכן יענער הונגער־שטרייק אין דער „לוקישקער״ תפיסה, פאַר בעסערער באַהאַנדלונג, איז זי געווען פון די געציילטע וואָס האָט אויסגעהאַלטן דעם שטרייק גאַנצע זעקס טעג. מ׳האָט זי מיט גוואַלט געפּרוּווט קינסטלעך דערנערן — גאָרנישט האָט געהאָלפן! ביים פאַרהער האָט מען איר צווישן טירן געקוועטשט די פינגער, מיט הייסע סקאָוואָראָדעס געברענט די פּיס און זי האָט געשוויגן... ביי איין אויספאָרשונג, האָט מען אַוועקגעשטעלט

א גלאָז וואסער און זי געשראָקן אז ס'איז סם. אויב זי וועט נישט אויסגעבן די אנדערע חברה וועט מען זי פארסמען. — נו, האָט זי זיך דען פארלוירן? — א נעם טוענדיק דאָס גלאָז, האָט זי עס אויסגעליידיקט ביזן דנאָ.

ס'איז איבערגעגאנגען א צייט, פייגעלע איז שוין אלט געווען א פערצן יאָר; כמעט אלע קינדער זיינען זיך שוין דעמאָלט געהאט צעפאָרן: ווער קיין בראזיל, נחמה מיט א ברודער קיין סאָוועטנפארבאנד, א צווייטער ברודער האָט זיך באזעצט אין א דאָרף און איז געוואָרן א פויער. ס'איז געווען אין יענער צייט ווען די „ענדעקעס" האָבן געהאלטן אין איין פארפאָלגן די יידישע באפעל־קערונג; הרגענען אויף די גאסן, פליקן בערד, ארויסיאָגן מיט זידלערייִ יידישע סטודענטן פון די הויך־שולן. דאָס שטיבל, וואָס פלעגט אמאָל קאָכן מיט לעבן, געזאנג און געלעכטער, איז ווי אָפגעשטאָרבן: פוסט די בעטן, די שלאָף־בענק, די אַלמערס, פוסט די אלבאָמען, פוסט און טרויעריק אין יעדער ווינקעלע! דער דלות פייפט שוין פונעם נישט־געהייצטן אויוון, פון די פאר־טרוקנטע טעפלעך; די מאמע, פאר'צרה'ט, האַלט אין איין זיפצן און דער טאטע ליגט שוין חדשים אין ווילנער שפּיטאָל.

פון יענער צייט טיילט זיך אויס אין זכרון איין העלע דערמאָנונג — די שלום עליכם־שול: יענץ גרויסע ליכטיקע צימער פון איר קלאס, דער ווייס־קאַכלנער אויוון, די בילדער פון יידישע שרייבער אויף די ווענט.

ווען דאָס גלעקל פלעגט זיך צעקלינגען, אָנזאָגנדיק אז די למודים זיינען פארענדיקט און אלע קינדער האָבן זיך מיט פריילעכן געפּילדער א לאָז געטאָן צו דער טיר, פלעגט זי די לעצטע בלייבן אין שול, ווייל אין שול איז איר געווען בעסער, ווארעמער ווי אין דער היים.

יונג נאָך האָט זי אָנגעהויבן צו לייענען. ביכער זיינען געווען אין שטוב און אויסבאהאלטענע אויפן בוידעם, האָט זי זיך צוגעכאפּט צו זיי ווי א פליג צו האָניק.

שפּעטער האָט זי די שטרעבונגען צו א בעסער לעבן, דאָס לעכצן נאָך וויטערדיקער בילדונג, די ערשטע בענקענישן — אויסגעגאָסן אין א געפּיל־פול געזאנג; געזונגען האָט זי אינדערפרי און אויפדערנאכט, אויסדריקנדיק אויף אַזאַ אופן אלע ווייטיקן און פארדרוסן.

און אָט ברעכט אויס די צווייטע וועלט־מלחמה. היטלערס אינוואזיע אין פוילן. שפּעטער, נאָכן געשלאָסענעם נישט אָנגריף־פּאקט, טרעט אריין די רויטע ארמיי קיין ווילנע, ווילנע הייבט אָן אָפּכאפּן דעם אָטעם פון די „ענדעקע־שע" פארפאָלגונגען, ווי נאָך א געפערלעכער קרענק. די אָרעמע געסלעך און

די איינגעהויקערטע שטיבלעך, צעפּראַלנדיק טיר און פענצטער, נעמען אויף די נייע ווירקלעכקייט:

— ווער עס איז בייגעווען יענעם ערשטן מיי אין ווילנע, וועט אים קיינמאָל נישט פאַרגעסן! — אַלץ האָט געזונגען, אַלץ האָט געשפּילט און געטאַנצט.

פאַר פייגעלען און איר גלייכן עפענען זיך נייע האָריזאָנטן.

*　　*

*

1941. בלייענע וואָלקנס פאַרפינצטערן נאָכאַמאָל די הימלען:

צעברעכנדיק דעם פאַקט, האָט היטלערס מיליטער אומדערוואַרטעט אַ שפּאַר געטאָן איבער די רוסישע גרעניצן מיטברענגענדיק טויט און פאַרניכטונג. עראָפּלאַנען האָבן אָנגעהויבן באָמבאַרדירן ווילנע. שוין דעם ערשטן טאָג איז איינגעפאַלן אַ מויער, זעכציק מענטשן זיינען פאַרשיט געוואָרן אונטער די ציגל. פונעם אַשמענער טראַקט האָט מען געזען מען ציען זיך אַ קייט פון טאַנקן, וואָס האָבן מיט זייער קלאַפּעריי פאַרטויבט, צעטומלט און פאַרטריבן די דערשראָקענע יידן אויף בוידעמער און אין קעלערס.

שוין די ערשטע נאַכט, האָט זיך פון דער „לוקישקער" טורמע געטראָגן אַ שיסעריי ביז באַגינען.

דאָס איז געווען דער אָנהייב פונעם נאַצישן גיהנום אין ווילנע.

אין עטלעכע טעג אַרום, האָבן זיך אָנגעהויבן אויף די ווענט און אויף די מויערן, אַלעמאָל באַוויזן אַנדערע מעלדונגען:

„...פאַרבאָטן פאַר יידן צו רעדן אויפן טעלעפאָן!"

„...פאַרבאָטן פאַר יידן אַריינצוגיין אין אַ רעגירונג-אַנשטאַלט!"

פאַרבאָטן... פאַרבאָטן...

עטלעכע טעג פאַר דער אינוואַזיע, איז פייגעלעס מוטער, וואָס איז כמעט קיינמאָל נישט אַרויסגעפאָרן פון דער שטוב, גראָד אוועקגעפאָרן צום ברודער און דאָרף איבערלאָזנדיק זי מיט דער שוועסטער.

אין אַ טאָג ווען יידן האָבן זיך שוין אויף דער קיעווסקע נישט געטאָרט מער ווייזן און פייגעלע האָט זיך מיט זייטיקע וועגן קוים דערשלאָגן און געוואָלט זיך אוועקשטעלן מיטן פלעשל אין דער ריי, האָבן איינקע קריסטלעכע פרויען זיך פילדייטיק איבערגעקוקט און זי אָנגעטריבן פון דאָרט:

— „זשידאָווקעס דאַרפן שוין מער נישט קיין מילך!"

אהיימגייענדיק, האָט יעדער אבער אין איר געיאָמערט און עס האָט זיך איר אַלץ אויסגעדוכט אז די גרויסע געפאר הענגט אין דער לופט; יאָ, אין דער לופט האָט זי דעמאָלט דערשפירט דעם געפערלעכן שטורם זיך אראָפּלאָזן. דער פיינלעכער געפיל האָט זי פארפאָלגט א גאנצן טאָג. ס'איז געווען אין א פרייטיק און שבת אינדערפרי, נאָך א נאכט פון קאָשמארן, — האָט איר אַלץ ארום אויסגעזען נאָכמער פארדעכטיקט; זי האָט דערפילט די אָנקומענדיקע טויט-געפאר, ווי עס האָבן שפּעטער די יידן אין געטאָ דערפילט דעם אָנקום פון אן אויסראָטונגס-„אקציע“ נישט קוקנדיק וואָס די געסטאַפּאָ-לייט האָבן דאָס געהאלטן בסוד סודות ביזן לעצטן מאָמענט.

פייגעלע האָט זיך אָנגעהויבן בעטן ביי דער שוועסטער, מ'זאָל פּרווון אנטלויפן. אפשר וועט מען זיך דערשלאָגן צום ברודער, צו דער מוטער. אָבער יענע האָט אפילו נישט געוואָלט הערן פון איבערלאָזן די שטוב, דאָס באלעבאַ-טישקייט... אויך איר איז אָנגעקומען נישט לייכט צו פארלאָזן די היים, אבער עפּעס אן אינערלעכע קראפט האָט זי געשטויסן דערצו, געטריבן וואָס שנעלער צו לויפן.

און א געלעגנהייט איז גראָד היינטערגעקומען: זי האָט דערזען א פויער אָנוואַרפן אויף א פורל שטאָטישן אָפּפאָל צו באַמיסטיקן דאָס פעלד זיינס, איז זי צוגעשטאנען צו אים מיט געבעט, מיט טרערן אין די אויגן — זי וועט אים אוועקשענקען א גרויסע „פערינע“ און נאָך אנדערע שטוב-זאכן ער זאָל זי מיטנעמען.

אָבער, זאָל ער ארויספאָרן וואָס שנעלער!

יענע ערשטע נאכט אין כוטאָר, ביים פויער אויף דער קיך-באנק, האָט זי א גאנצע נאכט געהאלטן אין איין וויינען.

מיטן ערשטן קריי פון די הענער, איז וואסיל שוין אראָפּגעקראָכן פונעם אויוון, דאָס ווייב איז אויך אויפגעשטאנען; פייגען האָט מען ארויסגעפירט אין הויף און איר געוויזן וויאזוי אָנצוהאקן קראפּעווע פאר די חזירים. דערנאָך האָט זי זיך שוין אליין געכאפּט רייבן מיט זאמד די טשאוואָנענע אָנגערויכערטע טעפּ, אריינגעבראכט וואסער פון דער קערניצע — אלץ צופרידנצושטעלן די באלעבאָטים.

ווען דער פויער האָט זיך אָנגעהויבן נאָכמאָל קלויבן אין שטאָט אריין, האָט זי ביי אים געפּועלט ער זאָל איבערגעבן א בריוול דער שוועסטער און פאר גוט באצאָלט זי ברענגען מיטן קינד.

שפּעט אין אָוונט איז וואסיל צוריקגעקומען, אַליין מיטן פורל מיסט; צוריקגעקומען אן אָנגעבלאָזענער און א בייזער. „האָסט שוין נישט קיין שוועס-טער — האָט ער איר צוגעוואָרפן — האָסט שוין נישט קיין היים!“

געטראָפן האָט ער טיר און פענצטער פארקלאפּט מיט ברעטער: די קריסט־לעכע שכנים האָבן אים דערציילט אז נעכטן, געדארפט האָט עס זיין באלד נאָך זייער ארויספאָרן, האָט מען אלע זשידקעס פארנומען. א טייל אוועקגעפירט אין דער „לוקישקער” טורמע און אנדערע אין א געטאָ. מענטשן שמועסן, אז דאָרט וועט מען זיי אלע אוועקהרגענען.

דער פויער איז צוריק געקומען שטארק אָנגעשראָקן, מ'האָט אים אין שטאָט געוואָרנט, אז פאר ארויסבאהאלטן ביי זיך א יידן שיסן די דייטשן.

פיר אזייגער פארטאָג, האָט פייגעלע צופוס געמוזט פארלאָזן דעם כוטאָר.

## פייגעלעס ערשטע מאלינע אין געטאָ

אין איינעם א פארנאכט, האָט זיך פּלוצים ווי א שריפה־גלאָק, צעקלונגען די ידיעה, אז באלד אכט אזייגער וועט פאָרקומען אן „אקציע”, איינע פון יענע אויסראָטונגס־אקציעס, וואָס פלעגן פאָרקומען כמעט אלע צוויי וואָכן.

אין ענגן שטיבל אין געטאָ, וווּ עס זיינען זיך צונויפגעלאָפן א פופצן פאמיליעס, אמערסטן אָן ארבעטס־שיינען, איז צוליב דער ידיעה געוואָרן אזא ראנגלעניש און שטופּעניש, פונקט ווי צווישן פארשפּארטע פייגל וווּהין מ'זאָל פּלוצים ארײַנשיסן פון א ביקס. אין ענגשאפט האָט מען אָנגעהויבן איינציקווייז, היטנדיק זיך איינער פארן צווייטן, צו צעקריכן אין דער טונקלקייט פון די ארומיקע הויפן.

א בחור האָט פייגעלען א רוף געטאָן מיטן בליק, וואָס האָט געמיינט, אז ער האָט פאר איר א באהעלטעניש.

די מאלינע וווּהין ער האָט זי געפירט, איז געווען אויף דער זעלבער גאס — א פארמאכטער בוידעם. דורך א פּאָר אָפענע דאכעלקעס האָט מען זיך אהין ארײַנגעשטופּט. דערגרייכנדיק דעם דיל, איינגעקאָרטשעט אין דרייען און טאפּנדיק מיט די הענט פאר זיך, האָט פייגעלע זיך דערשלאָגן צו א ווינקל ביי דער סטריכע, פארשטופנדיק זיך צווישן שטויב און שפּינוועבס.

אין איניקע מינוטן ארום, צוגעוווינענדיק זיך צו יענער פינצטערניש, האָט זי באמערקט א העלן פּאס לבנה־שיין וואָס איז ארײַנגעדרונגען דורכן בוידעם־פענצטערל. פון נאָענט, האָט זיך דאָ און דאָרט דערטראָגן א לייכטער שאָרך, א פארשטיקטער זיפץ.

ציטערנדיק מיטן גאַנצן קערפּער האָט זיך פייגעלע אָנגעהויבן טוליען אין דער מוטערס פּאַטשיילע, דעם איינציקן אָנדענק פון איר פאַרברענטן גוף, און געהאַלטן אין איין קושן די פרענדזעלעך און פליסטערן:

— מאַמע טייערע! מאַ־א־מע...

וויפל זי האָט שוין איבערגעלעבט אונטער די דייטשן — דעם גרויל פון געטריבן ווערן אין געטאָ, דאָס וועקגנבענען זיך ביינאַכט פונעם „פּאָליגאָן״־פעלד, וווּהין מ׳האָט צונויפגעטריבן די יידן פון די אַרומיקע דערפער אַרום ווילנע, אָבער דאָס ערשטע מאָל אין דער מאַלינע האָט דאָס האַרץ אירס אַזוי זיך געהויבן, געוואָרפן און געקלאַפּט. זי האָט פשוט מורא געהאַט, אַז דאָס אייגענע האַרץ זאָל נישט אויסגעבן. האָט זיך פייגעלע געהאַלטן אין איין טוליען אין דער מאַמעס פּאַטשיילע און פונעם קאָנטאַקט, פונעם פאַרבליבענעם ריח, האָט זי די מאַמען געפילט נאָענט לעבן זיך, געזען זי ווי דאָס לעצטע מאָל אויפן „פּאָליגאָן״־פעלד, צווישן אַנדערע גוססדיקע פרויען און קינדער, מיט איר ליידנדיק פּנים וואָס האָט געשמייכלט צו איר און זי נאָך געװוּאָלט מוטיקן... דערנאָך, ווי זי האָט איר פאַרמאַכט די דעקלעך איבער די פאַרגלעזטע אויגן און אַליין צווישן פאַרזייעטע מתים און וועלף מיט גלאַנציק־גיריקע אויגן, וואָס פלעגן זיך באַווייזן פון די „סוועניציאַנער״ וועלדער אַרומשמעקנדיק זייער רויב, — זיך אַזוי געגנבעט מיט די פעלדער צום ווילנער טראַקט.

— מאַמע! — האָט פייגעלע געשטיקט אין זיך דאָס געוויין — ווו איז אַהינגעקומען דיין געביין? וווּהין האָט דער ווינט דיין אַש פאַרבלאָזן?... אָבער — טרייסט זי זיך — דו ביזט שוין דיינס איבערגעקומען... און דיין געצערטלטע מוזינקע?... זיי זיך דאַרט מרחם איבער איר, בעט פאַר איר, אַז די שכורע, פאַרווילדעוועטע ליטווינער, די עס. עס.־לייט מיט זייערע שפּיר־הינט, זאָלן נישט אויפדעקן אונדזער מאַלינע, מ׳זאָל נישט אַרויסגעשלעפּט ווערן פון זיי און אוועקגעפירט ווערן צום טויט.

אויפן שמוציקן בוידעם, פאַרשטעקט צווישן קאַסטנס, אונטער אַלטע שמאַטעס, איינגעשרומפּן, פאַרשמאַכט און הונגעריק, ציטערנדיק פאַרן אייגענעם אָטעם־צוג, פאַר אַ פּינטל פונעם אויג, פאַר אַ האַרץ־קלאַפּ, פאַר אַ מינדעסטן קלאַנג, וואָס האָט זיך דערטראָגן פון נאָענט און פון ווייטנס — האָט מען אָפּגעפינצטערט שעהן און טעג, וואָס ס׳האָט זיך געדאַכט אַז ס׳וועט גאָר קיינמאָל צו זיי קיין סוף נישט נעמען.

אין עטלעכע טעג אַרום — אייביקייטן אין דער מאַלינע — ווען מ׳האָט דערהערט פון דרויסן דעם אָפּגערעדטן צייכן, אַז די געפאַר איז שוין אַריבער, זיינען יענע מאָמענטן געווען פון אומבאַשרייבלעכער פרייד. יעדער אָבער באַזונדער

האָט געיובלט, געזונגען א לויב פאַרן לעבן; ס'האָט אויסגעזען דעמאָלט ווי אפילו די שפּינען אין זייער געוועב, יענער גאנצער הושכדיקער ארום, האָט זיך מיטאמאָל צעהעלט מיט זון־שטראַלן און מיטגעטאנצט מיט דער פרייד.

אראָפּגייענדיק, האָבן אויסבאַהאַלטענע עלטערן געהאַלדזט און געקושט זיך מיט קינדער, ברידער און שוועסטער. פייגעלע, אַן איינזאַמע ווי טויזנטער אנדערע אין געטאָ, האָט זיך ארומגעבלאנקעט איבער די ענגע געסלעך אָנ־שטויסנדיק זיך אַלעמאָל אין אַן אנדער שווידערלעך בילד.

אָט זעט זי ווי א פרוי טראָגט א טויט קינד אונטערן אָרעם. איר קאָפּ איז צעשויבערט, דאָס קליידל צעקנייטשט און דאָס פּנים עפּעס אויסטערליש רויק... ווי א בלינדע שטעלט זי געמאָסטענע טריט: איינס, צוויי... מיטאמאָל גיט זי זיך א שטעל אָפּ, גיט א וואַנזיניקן קוק אין קינדס פארגלאָזטע אייגלעך, אויפן אראָפּהענגענדיקן קוטשעראַווע קעפּל און... זעצט פאָר דעם מאַרש מיט געמאָס־טענע טריט: איינס, צוויי...

אין ראָג בלייבט פייגע שטיין. אינמיטן וועג, אויף די שטיינער, ליגט א דערשאָסענע יונגע פרוי. די אָפענע, בלויע אויגן, זיינען שוין פארגלעזט, אין די פאַרשטאַרצטע פּנים־שטריכן איז נאָך פאַרבליבן אויסגעגאָסן א מין זעלבסט־צופרידנקייט וואָס דערציילט, אַז אין לעצטן וועג אירן צום טויט, האָט זי געפונען אין זיך מוט נקמה צו נעמען אין א פּריץ.

פייגעלע גייט ווייטער. אומעטום וואַלגערן זיך טויטע. זי שטעלט זיך מער נישט אָפּ, זי איז ווי פארטשאַדעט — דער קאָפּ דרייט זיך און דאָס האַרץ קלעמט. זי וויל זיך שוין וואָס גיכער זען ביי דער איינציקער קרובה, פּרוּוון אראָפּוואַרפן פון זיך דעם שווידער, אָפּפרישן זיך כאָטש מיט אביסל וואַסער.

זי איז שוין אין שטוב און דרייט זיך ארום איבער די פּוסטע, וויינענדיקע צימערלעך, וואָס טראָגן נאָך אויף זיך אַלע סמנים פון דער באַנאַכטיקער אַקציע. זי גייט ארוים אין הויף, שעפּט אָן אַ קוואָרט וואַסער און גיסט זיך ארויף אויפן קאָפּ, איינמאָל און א צווייטס... נו און אפילו גאנצע טייכן זיינען דען בכוח אָפּצושווענקען אזויפיל צער? און, וואָס קען דען מילדערן דעם געדאַנק, וואָס ריזעט ווי א וואָרעם, אַז ענלעכע איבערפאַלן קומען אַלעמאָל פאָר אומדערוואַר־טעט. איצט האָט איר אָפּגעגליקט און מאָרגן וואָס וועט זיין?...

אָט דער געדאַנק מאַכט אינגאַנצן רעזיגנירן פון לעבן.

אין א צושטאַנד פון אלצאיינס, ליגט זי אָפּ א שעה נאָך א שעה, אָבער דער הונגער לאָזט קיין סך נישט איינליגן אויף איין פּלאַץ און ווידער פעסטיקט

זיך א באשלום: נאָר נישט איינברעכן זיך, נישט אנטקעגן קומען דעם פארלאנג פון די מערדער!

זי טראכט, אראָפּשלעפּנדיק זיך: ראטעווען דאס לעבן כאָטש אויף דערווייל, מיינט בעיקר קריגן אן ארבעטס־שיין. — ווּ זשע נעמט מען אים? צירונג... פּראָטעקציעס... זי ווייסט שוין ווי דאָס גייט צו: די געסטאפּאָ גיט ארויס א צאָל ארבעטס־שיינען און דער יודנראט, די יידישע פּאָליציי, פארהאנדלט זיי ווען עס לוינט זיך. דאָך, אפשר... אפשר דורך דער קרובה וואָס ארבעט אין א דייטשער וועשעריי און... האָט זי דאָך געהערט ווי ס'האָבן זיך אָנגעהויבן אָרגאניזירן איינהייטן אויף ארבעט ביים אעראָדראָם. פרויען קענען זיך אויך פארשרייבן. „פּאראָבאניק" איז אָבער עטלעכע וויאָרסט ווייט פון דער שטאָט און אירע שיך זיינען שוין אינגאנצן צעטראָגן.

דער געדאנק וועגן פארשרייבן זיך אויף ארבעט און וועגן שיך, האָט זי שוין א גאנצן טאָג נישט אָפּגעלאָזט. פארנאכט האָט זי שוין געהאט באשלאָסן: מ'מוז פּרוּוון! ס' איז א געוואגטער שריט... זייער א געוואגטער!...

# אהיים נאָך שיך

פארטאָג האָט זיך פייגעלע ארויסגעגנבעט פונעם געטאָ־טויער צוזאמען מיט דער ערשטער ארבעטער־פּארטיע און אָנגעהויבן זיך פארזיכטיק שאַרן, מיט אונטערוועגן און זאווּלקעס, אין דער ריכטונג פון איר געוועזענער היים. שפּעטער איז געוואָרן אוממעגלעך אויסצומיידן די הויפּט־גאסן. באשלאָסן האָט זי גראָד צו גיין מיטן טראָטואר — ווּ פאר יידן איז שוין געווען פארבאָטן, צו גיין אָן דער געלער לאטע — אין א קורץ געבלימט קליידל ווי א שיקסל, מיט א פלאש אויף מילך אונטערן אָרעם.

אלין ארום האָט זיך נאָך געטוליעט אין נאכטיקער טונקלקייט. די שלאָ־פנדיקע גאסן זיינען געווען איינגעהילט אין פארטאָגיקן נעפּל. זי איז ארויסגע־קומען אויף דער לאנגער גאס — „אוליצא נאווגראָדסקא". — גייענדיק ווייטער, האָבן זיך ווי אינסטינקטיוו אָנגעהויבן פארלאנגזאמען אירע טריט און זי איז שטיין געבליבן לעבן דער געביידע, ווּ ס'איז דאָ נישט לאנג געווען דאָס יידישע טעאטער „פילהארמאָניע".

— אָט ערשט, דוכט זיך, האָט איר דראמקרייז דאָ געגעבן א קונסט־אָוונט, ווּ זי האָט אויך אנטייל גענומען. **„טרויער פאסט נישט אונדזער פנים"**, האָט זי מיטגעזונגען אין כאָר!... עס דערמאָנט זיך יענער ערשטער בינע ציטער, יענע פלאטערנדיקע יוגנט פרייד...

זי האָט פארקירעוועט אויף דער וויוווּלסקע־גאס, פארבייגייענדיק איר שלום־עליכם־שול, מיטן פארוואקסענעם ווילד־גראָז גאָרטן מיט די פארקלאַפּטע טיר און פענסטער. דערנאָך דעם פּוסטן, וויינענדיקן מארק, וואָס פלעגט אמאָל, פון פארטאָג אָן, קאָכן ווי א זודיקער קעסל.

וואָס נענטער צו זייער געסל, אלץ האסטיקער האָט גענומען זעצן ביי פייגעלען דאָס הארץ. די האָר אויפן קאָפּ זיינען שטייפער געוואָרן און די אויגן האָבן זיך איינגעגעסן אין אייגענעם אמאָל, אין יעדן קעגשטאנד באזונדער, וועלנדיק איינזאפּן אין זיך דאָס בילד פון דער אוועקגערויבטער היים.

דאָס זעלבע רויקע, אין פרימאָרגן־שאָטנס איינגעהילטע געסל; די זעלבע קאשטאַן־ביימער פון ביידע זייטן, מיט די איבערגעפלאָכטענע צווייגן, און דער שארפער ריח פון צעבליעטער אקאציע און בעז!...

אָט שטייט זי שוין פארן טויערל און גליווערט באטראכטנדיק דעם פארלאָזענעם גאָרטן, דעם ליפּע־בוים, וואָס וויל פון גאָרנישט וויסן, פארשפרייטנדיק די צווייגן שוין כמעט איבער דער פעדערשטער וואנט.

מיט טרערן אין די אויגן, מיט א פארקלעמט הארץ, האָט זי באטראכט דאָס פּאריתומטע שטיבל, וואָס איז פאר דער צייט ווי טיפער איינגעזונקען און האָט אויסגעזען אזוי פארשעמט מיט דער פארבלאָמבירטער טיר און פארהאקטע פענצטער.

שטייענדיק ווי פארגליווערט, איז דערווייל ארויסגעקומען דער שכן סטעפאַן, פון אלע יאָרן א שונא־ישראל און לעבן אים איז אויסגעוואקסן זיין פארשלאָפענע ווייב. ביידע האָבן זיי זיך דערשראָקן אָנגעהויבן צו צלמען, דערקענענדיק דאָס יידישע מיידל. — זיי האָבן געמיינט אַז אלע זשידעס זיינען שוין טויט...

פייגעלע האָט זיך אין ערשטן מאָמענט פארלוירן, אָבער באלד האָט זי שטאמלענדיק אָנגעהויבן זיי בעטן מ׳זאָל איר דערלויבן דורך זייער בוידעם אריינקריכן צו זיך אין שטוב. זיי וויל דאָרט בלויז ארויסנעמען א פּאָר אלטע שיך.

זייער איבערקוקן זיך האָט איר געגעבן אָנצוהערן, אז זי דאַרף דאָס מאכן וואָס שנעלער. דאָך האָט זי אויף צוריקוועגס, זיך נישט געקענט באהערשן און געבאַפּט א קוק אין דערבייאיקן פענצטער. אויפן טיש זיינען נאָך געשטאַנען די נישט דערטרונקענע גלעזער טיי, שטיקלעך נישט־דערעסן ברויט — אלץ ווי עס איז פארבליבן נאָכן ארויסטרייבן אין געטאָ. נישט קענענדיק זיך אָפּרייסן באלד פונעם לעצטן געזעגענונג־צייכן, וואָס האָט זי נאָך פארבונדן מיט דער היים, האָט פייגעלע מיטאמאָל דערפילט א שווערע האנט אויפן אקסל און דערזען פאר זיך אַן אלטן ליטווינער, וועמען דער שכן האָט דערווייל צוגעבראכט.

מ׳הייסט איר נאָכגיין, ווּהין האָט זי שוין אליין פארשטאנען... זי האָט נישט געפרווּווט בעטן ביי זיי באגנעדיקונג, נישט געפאלן צו די פיס. זי האָט געוווּסט אז נישט דאָס וועט זי ראטעווען, אָבער דער מוח, ווי שטענדיק אין פאל פון סכנה, האָט געארבעט און געזוכט פלענער וויאזוי נישט איבערגעגעבן צו ווערן פון זיי אין די געסטאפּאָ-הענט.

ווען דער אלטער ליטווינער האָט זי ארויסגעפירט אויף קיעווסקי, האָט זי זיך א ריס געטאָן פון זיינע הענט, לאָזנדיק זיך לויפן מיט דער לענג פון דער גאס. זעענדיק אז עס הייבט זיך אָן קלויבן אן עולם און זי קען געכאפּט ווערן אויך פון אנדערע, האָט זי זיך מיטאמאָל א פארנעם געטאָן אין א זייטיקן זאווּליק און אָנגעהויבן פליען ווי געטראָגן פונעם ווינט, שפּרינגען ווי א געיאָגטע חיה צווישן שטובן און הויפן, גערטנער און פלויטן. — — —

ווען זי איז געקומען צו זיך, האָט זי בשום אופן נישט געקענט באנעמען וויאזוי זי האָט זיך אריינבאקומען אין אזא פארוואָרפן ווינקל, צווישן ברעטער פון אן איינגעפאלענער שאָפע מיט שטרוי.

## געלע שיינען

איידער וואָס, ערשט עטלעכע טעג, און ווידער האָט זיך שוין צעטראָגן די „גוטע" ידיעה: „אקציע"! דאָסמאָל האָט עס געהייסן, אז מ׳דארף בייטן די ווייסע שיינען אויף בלויע. פאר קיינעם איז אָבער מער קיין סוד נישט געווען, אז דאָס בייטעניש איז נישט מער ווי א ביטרע פאסטקע, אומגעשטערט דורכצופירן די אויסראָטונג פון די ייִדן אין געטאָ.

...האָבן זיך איינגעהויקערטע מענטשלעכע שאָטנס ארומגעשארט מיט אָנגעצונדענע חלבנע ליכטלעך אין ביינאכטיקן חושך, זוכנדיק באהעלטעניש.

יענע נאכט האָט פייגעלע זיך אָנגעשטויסן אויף א „גליקלעכן" שכן, וואָס איז געגאנגען פונעם געטאָ-טויער מיט געביטענע ארבעטס-שיינען. — מיט וואָס קען איך דיר העלפן?... וואס כ׳קען — האָט ער א זאָג געטאָן — האָט מער שאנסן אויף טויט ווי אויף לעבן. ער האָט ארויסגענומען פון דער בוזים-קעשענע א בלויען שיין און איר דערלאנגט מיט א זיפץ. דער שיין האָט געדארפט באשטעטיקן, אז זי איז זיין טאָכטער פון פערצן יאָר. (וואָס איז נעכטן געשטאָרבן און איז נאָך נישט פארעגיסטרירט). ביטער שמייכלענדיק, האָט פייגע צוגענומען דאָס קאָרטאָנדל. — פערצן יאָר... אָבער וואָס איינגנטלעך שטעלט זי איין?... בלייבן דאָ — מיינט אויף פּאָנאר... אפשר! — פון קליינעם וווּקס איז זי, אויסגעטריקנט: הויט און ביינער! אפשר!...

שפּעטער ווען די ארבעטער־משפּחות האָבן זיך פאַרמירט לעבן טויער אין לאנגע רייען צו דער רעוויזיע, האָט זיך איר איינגעגעבן אריינצוכאַפּן אין די לעצטע רייען; די האָר האָט זי אָפּגעצויגן און פארפלאָכטן אין שטייפע צעפּלעך, אויפן פּנים ארויפגעצויגן א פריילעכע מינע און געוואַרט מיטן אויסגעשטרעקטן קאַרטאָנדל אין דער האנט.

דאָסמאָל האָט איר אָפּגעגליקט: די דייטשע וואַך, מיד ווערנדיק פונעם קאָנטראָלירן יענע לאנגע רייען, האָט אויף די לעצטע שוין ווייניק אכט געלעגט. א בלוי קאַרטאָנדל — „ראַ־ו־ס!"

פייגעלען האָט מען צוגעשטעלט צו א פּאַרטיע וואָס איז באַשטימט גע־וואָרן אויף ארבעט אין „בורבושקער" וואלד.

ארום צען א זייגער אינדערפרי, האָט מען פון דאָרט געזען טרייבן די געכאַפּטע יידן פון דער געטאָ אויפן וועג קיין פּאָנאַר. דעם גאנצן טאָג האָט מען אָפּגעארבעט זעגנדיק ביימער אין וואלד. צו מיטיק האָבן דאָרט די אויפזעער „באַזאָרגט" מיט א זופּ פון פּאָליווינע (זעגעכץ) און פארנאכט האָבן זיי געמאלדן, אז מ'קען זיך שוין אומקערן — די געטאָ איז שוין ריין...

צוריקקומענדיק פארנאכט, האָט די געטאָ אויסגעזען ווי טויט. איבער די פּוסטע גאַסן האָט א פארנאכטיקער ווינט געבלאָזן מיט צעשיטע פעדערן. אין מיטן וועג — דאָ און דאָרט — האָט זיך געוואַלגערט א פארלוירענע הילצערנע קלומפּע, א קלומעקל; די געכאַפּטע יידן וואָס האָבן זיך נישט געלאָזט ארומ־פירן און זיינען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט, האָט די פּאָליציי שוין באוויזן צונויפצושארן אין קופּעס, ווי מיסט אויף ארויסצופירן.

מיטן אריינקומען פון די ערשטע פּאַרטיעס, האָט זיך נאָכאַמאָל אָנגעהויבן באַוועגן: ווער עס לעבט נאָך, מוז אָפּקאָכן א פּאָר אויסבאַהאַלטענע קאַרטאָפ־ליעס נישט אויסצוגיין פון הונגער; מ'באַוויינט דאָ נישט די טויטע — פארקערט מ'איז זיי מקנא: זיי וועלן מאַרגן נאָך זוכה זיין א לוויה, זיי וועט מען נאָך ברענגען צו קבר ישראל — און דיך?... ווער ווייסט צי וועט פון דיר איבערבלייבן א געדעכעניש!... ווו עס וועט אהינקומען דיין געביין...

## אין אַ וועשעריי ביי דייטשן

דורך דער פארמיטלונג פון דער קרובה, האָט פייגעלע אָנגעהויבן ארבעטן אין דער זעלבער וועשעריי. די פארבלוטיקטע שינעלן פון די פריצן פונעם נאָענטן פראָנט, פלעגט מען שיקן קיין ווילנע צו וואַשן און פּרעסן.

אין א טאָג, האָט מען אריינגעבראכט א גאָר גרויסן טראנספּאָרט שינעלן. דעמאָלט איז ביי די יידישע וועשינס דאָס האַרץ געוואקסן פאַר פרייד. שטיל האָט צוגעוואָרפן איינע דער צווייטער:

— זיי צאָלן, האַ?!...

— ווארט, זיי וועלן נאָך פאַר אלעמען באצאָלן!...

— און ווער? די ברידערלעך נעמען זיך אָן אונדזער קריוודע...

אין יענער וועשעריי האָט אויך געארבעט א ווילנער פרוי, איינע א ריווע געווזער. איצט איז זי אין ישראל. אָט די ריווע האָט זיך געהאלטן מאָדנע אָפּגעזונדערט פון יעדן, געווען זייער קארג אויף א וואָרט, מ'האָט געשמועסט: זי איז גערירט פון די געדאנקען.

מיט פייגען האָט זי געפּרעסט, א טיש לעבן א טיש, און צו איר האָט זי ארויסגעוויזן באזונדערן צוטרוי און אָט וואָס זי האָט איר אין א טאָג פאַר טרויט: זי איז א צוריקגעקומענע... צוריק געקומען פון פּאָנאר!... און אין טאָן פון איר דערציילן איז אויסגעקומען, ווי א צוריקגעקומענע פון יענער וועלט.

...בעת דער אקציע פון ווייסע שיינען, האָט מען זי מיט איר עלף-יעריקן ייִנגל ארויסגעשלעפּט פון א „פּארשיטער" מאלינע און מיט א גאנצער פּארטיע פארנומען אויף פּאָנאר. ארום דער שטאָט אויף באַן-רעלסן, וואָס האָבן געפירט אויף רעכטס, זיינען געשטאנען אָפענע וואגאָנען. דורכפירנדיק א סעלעקציע, האָט מען די ייִנגערע אוועקגעפירט צו די אָפענע וואגאָנען. די מערהייט, איבערהויפּט קינדער, זיינען געטריבן געוואָרן ווייטער; מ'איז געווען ארומגע־רינגלט פון שיכורע ליטווינער, פון יידישער פּאָליציי, און אנטלויפן איז געווען אומעגלעך. אזוי איז מען צוגעקומען ביז צו יענע שיינע בערג, ווו מ'פלעגט אמאָל, אין די גוטע צייטן, מאכן אויספלוגן און פּיקעניקן. — דאָרט האָט מען באפוילן זיך אויסשטעלן צו צען אין דער ריי, פארבינדן די אויגן, די הענט אויסגעשטרעקט פאָרויס און-גיין, גיין... און פלוצים: האלט... שטיין בלייבן!

א מינוט, א צווייטע און עס האָבן זיך דערהערט זאַלפּן-קנאַלן, באלד פאַר־צווייפלטע אויסגעשרייען און דאָס אריינפאלן אין די גריבער.

די הינטערשטע רייען האָט מען אָנגעהויבן יאָגן: „פאָרויס, פאָרויס!" — ווייטער געדענקט זי נישט וואָס מיט איר איז פאָרגעקומען... זי ווייסט נאָר, ווען זי איז געקומען צו איר באַוווּסטזיין, האָט זיך צון איר פון ערגעץ, ווי פון אונ־טער דער ערד, דערטראָגן אַ פארשטיקט קינדעריש געוויין. — פינצטער ווי אין א גרוב! זי האָט נישט געוווּסט ווו זי געפינט זיך און געדריקט האָט זי אַ שווערע

בלייקייט. — האָט זי אָנגעהויבן ביסלעכווייז זיך באַפרייען פון קאַלטע, פאַרגלי־ווערטע הענט און פיס, און שאַרן זיך, ארויסדראַפּען זיך, פונעם גרוב.

אויבן איז זי אַוועקגעפאַלן — וויפל איז זי אַפּגעלעגן אַזוי? מסתם אַ פּאָר שעה. שפּעטער, ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זי ערשט דערפילט אַ ווייטיק אין דער פּלייצע און דער קאָפּ איז איר געווען ווי אָנגעגאָסן מיט בליי. איבער זיך האָט זי געזען אַן אויסגעשטערנטן הימל, אַ פולע לבנה; קיין וואָך ארום איז נישט געווען, האָט זי זיך אָנגעהויבן שאַרן, גנבענען מיטן ווילנער טראַקט צוריק... אין געטאָ.

אין יידישן שפּיטאָל האָט זי דערציילט פון וואַנען זי קומט, און וואָס דאָרט אין „ארבעט־לאַגער" קומט פאָר. האָט דער דאָקטאָר, וואָס האָט איר אַרויסגע־נומען די קויל פון דער פּלייצע, נישט געוואָלט גלויבן און דער יודנראַט... דער יודנראַט, האָט אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אַ קלאַנג אַז זי איז משוגע, ווייל אויף ווייטער האָט געמוזט פאַרבלייבן: פאָנאַר — אַן אַרבעטס־לאַגער....

איצט היט זי זיך...

# אויף ארבעט קיין עסטלאַנד

אין איינעם אַ נעפּלדיקן פאַרטאָג, איז פּלוצים פאָרגעקומען אין געטאָ אַן איבערפאַל פון עס. עס.־לייט צוזאַמען מיט עסטאָנישע סאָלדאַטן, צו כאַפּן מענער אויף ארבעט. מ'האָט אָנגעהויבן טרייבן פון די בעטן, ארויסשלעפּן פון באַהעלטעניש. געוווּסט האָט מען: אויב מ'נעמט איצט אוועק די מענער, וועט שוין שפּעטער קומען די „שוואַרצע וואַראָנע" (אַזוי האָט מען גערופן דעם שוואַרצן וואָגן) און וועט גרופּנווייז אוועקפירן די פרויען און קינדער אין דער „לוקישקער־טורמע", אָדער גלייך אויף פּאָנאַר.

געוויין און פאַרצווייפלטע געשרייען, האָבן געשניטן די פאַרטאָגיקע לופט, געריסן דעם פאַרנעפּלטן הימל. פייגעלע האָט נישט געוויינט. די פיס האָבן זי ארומגעטראָגן הין און צוריק און אין קאָפּ האָט געעגבערט: וויאַזוי אַנטלויפט מען דאָסמאָל פונעם טויט? אַ געדאַנק האָט אויפגעבליצט, איז זי אויף אַ ווייל־ע געבליבן שטיין, אָבער בלויז אויף אַ ווײַלע. נישט טראַכטנדיק מער, האָט זי ארויסגעכאַפּט אַ שערל און געבעטן אַ שכנה זי אָפּשערן, אַ מענערישע סטרישקע. איבערגעטאָן אין מענערישע הויזן, אַ קאַזשוך, אַ היטל אַראָפּגערוקט איבער די אויערן, הילצערנע קלומפּעס אויף די פיס, אויף די פּלייצעס אַ זאַק מיט אַ פּאָר איינגעקנוילטע קליידלעך, — האָט זי שנעל אוועקגעשפּאַנט צום געטאָ־טויער און זיך דאָרטן אָנגעגעבן אַלס „פרייוויליקער" צו דער ארבעט.

אויך דאָסמאָל האָט איר ארויסגעהאָלפן דער אויסגעטריקנטער קערפּער און אירע ענערגישע פּנים־שטריכן מיט די געדיכטע ברעמען.

די געבאפּטע מענער האָט מען אוועקגעפירט אויף „ראַסע" — קאָנצענ־טראַציע פּונקט. דעם צווייטן טאָג איז אויך אָנגעקומען אהין א גרויסער טראַנס־פּאָרט מיט יונגע פרויען, צווישן וועלכע פייגעלען האָט זיך איינגעגעבן אריינצודרייען.

די אָנגעקומענע האָט מען שפּעטער אויסגעטיילט אין פּארטיעס און געטריבן צו דער באַן־סטאַנציע, ווו עס האָבן שוין געוואַרט אָפענע פי־וואַגאָנען. דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך צעסאָפּעט מיט געדיכטע קנוילן רויך.

אריינגעטריבן האָט מען צו הונדערט־צוואַנציק פרויען אין א וואַגאָן און פון דרויסן פארקלאַפּט די טירן.

— א־ו־פ!... א־ו־פ... — האָבן זיך צערעוועט די וואך־לייט און די באַן האָט מיט א סקריפּ, מיט געשריי פון אייזן געריבן אויף אייזן, זיך אָנגעהויבן רירן, צעלאָזנדיק זיך באלד אין פולן גאַנג.

אין וואַגאָן איז געווען פינצטער און ענג ווי אין א קבר. — ענג, כאָטש נעם און זעץ זיך איינע אויף דער צווייטער. די לופט איז געוואָרן וואָס אמאָל געדיכטער, שטיקנדיקער.

— וווּהין פאָרט מען? אויף ארבעט צי צום טויט?... די לייז בייסן און ס'איז נישט איבערצוטראָגן פון זיי ווען מ'איז אומבאוועגלעך. הונגער און דורשט פייניקן. וויפל פאָרט מען שוין אזוי? מ'האָט פארלוירן דעם חשבון. די באַן האַלט אין איין יאָגן און יאָגן. — — — — —

אין א פארנאַכט, ווי מיד ווערנדיק, הייבט די באַן אָן פארלאַנגזאַמען אַלץ דעם גאַנג, דערנאָך, מיט א שטויס אויף צוריק פון צונויפגעקלאַפּטע וואַגאָנען, שטעלט זי זיך אָפּ.

פון דרויסן שלעפּט מען אראָפּ די פרענטן, מ'האַקט אויף די טירן.

— „ראַ־ו־ס! — ר־אַ־ו־ס!!"

— „צו פינף אין דער ריי!"

אונטערן פייף פון שפּיץ־רוטן, האָט מען זיך א לאָז געטאָן איינע אויף דער צווייטער, געפלאָכטן און געקניפּט זיך אין איין גרויסן מענטשן־קנויל. מיט געוואַלדן און זידלעריי, צעשויבערט און אָפּגעריסן, האָט מען זיך ארויסגעשיט פונעם וואַגאָן.

סעלעקציע: רעכטס... לינקס... די ארבעטס-פעיקע-סעלעקציאָנירט אויף רעכטס. מ׳טיילט אוים שטיקלעך פארשימלט ברויט און מ׳טרייבט צוריק אין די זעלבע וואגאָנען.

ווידער האָט די באן אָנגעהויבן יאָגן און ווידער האָבן זיך געצויגן שעה׳ן־ אייביקייטן אין פינצטערן קבר. דער צוג האָט זיך סוף כל סוף אָפּגעשטעלט, דאָסמאָל אין לעטלאנד, ווו מ׳האָט געדארפט צוטשעפּן נאָך אנדערע וואגאָנען מיט שקלאפן.

און ענדלעך אין א פארטאָג, איז מען אָנגעקומען אויפן באשטימטן פּלאץ, אין א וויסטעניש. דורך אויפגעריסענע טירן האָבן אריינגעקוקט שווארצע, שרעקנ־ דיקע וועלדער און הויכע, ווילדע גראָזן. פון ווייטנס האָט מען געזען א גרויסן, ליידיקן פלאץ, ארומגעצוימט מיט דראָטן.

## קאנצענטראציע־לאגער „קאַאָגא"

ביי דער ערשטער רעוויזיע אין לאגער, האָט מען צוגענומען אלץ וואָס מ׳האָט נאָך פארמאָגט אויף זיך; מ׳האָט אויך צוגענומען דעם אייגענעם נאָמען: יעדער פרוי איז באצייכנט געוואָרן מיט א נומער אויפן ברוסט-קאסטן און אויף דער קני פונעם ווייס-שווארצן געשטרייפטן, אומגעלומפּערטן לאגער-קלייד. די קעפּ האָט מען אָפּגעראזירט.

שפּעטער זיינען די „נומערן" פארטיילט געוואָרן אין בריגאדעס און באשטימט געוואָרן צו פארשידענע ארבעטן.

אין גיכן האָט דער פוסטער, פארוואָרפענער פונקט, אָנגעהויבן אָטעמען מיט ארויפגעצוווּנגענער מענטשלעכער מי. — ס׳איז אויפגעשטעלט געוואָרן א פאבריק אויסצוארבעטן צעמענטענע פּלאטן, וואָס זיינען איבערגעשיקט געוואָרן אויפן פראָנט. די פרויען האָבן אמערסטן געארבעט ביים איבערטראָגן זעקלעך צעמענט פון דער באן-סטאנציע אין לאגער — א שטח פון א הונדערט פופציק מעטער ווייט. א פּאָר טעג אין דער וואָך, איז אויסגעקומען גראָבן שטיינער; די נאָרמע האָט געמוזט שטימען לויט דער דייטשער פּינקטלעכקייט: פיר טאָגעס שטיינער א טאָג.

פון דער אומדערטרעגלעך-שווערער ארבעט און פון הונגער, האָט מען אָנגעהויבן אַוועקפאלן ווי די פליגן.

אין איינעם א פארטאָג, האָט מען ארויסגעשיקט א געמישטע פארטיע פרויען און מענער, אויסצולאָדן ברוכווארג, וואָס איז אָנגעקומען פונעם פראָנט.

זיך געפינענדיק אין לאַגער אַ קורצע צייט, פאַרשקלאַפּט אונטער דער נאַצישער פויסט, האָט מען געמיינט מ׳געפינט זיך ווייט פון אַ מענטשלעכן ישוב, און פּלוצים גייענדיק מיטן וועג, פון ביידע זייטן פאַרוואַקסן מיט ווילדע גראָזן, האָט זיך מיטאַמאָל פון גאָר נאָענט דערטראָגן אַן אויסגעצויגענער „קו־קו־רע־קו!״ — דער קו־קו־רע־קו אין יענעם גרויען פאַרטאָג, האָט ביי די עלנטע הונגעריקע און אויסגעהאָרעוועטע שקלאַפן, אַ טיאַכקע געטאָן אין די הערצער, — אָנגעצונדן אין די אויגן פונקען פון האָפענונג;

מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון וואָס זי טוט, האָט פייגעלע אָנגעהויבן בלייבן הינטערשטעליק און ביי דער ערשטער געלעגנהייט זיך געגעבן אַ שלייך אריין צווישן די גראָזן. פּאַרטייעט איז זי אָפּגעלעגן דאָרט ביז די גרופּע האָט זיך דערווייטערט און דערנאָך אָנגעהויבן קריכן אין דער ריכטונג פון וואַנעט עס האָט זיך דערטראָגן דער קריי פונעם האָן. אין פייכטן גראָז שאַרנדיק זיך, צווישן ווייסע און געלע פעלד־בלימלעך, האָט זיך אָנגעהויבן וועקן אַ דערמאָנונג און די דערמאָנונג האָט אַרויסגערופן אַ רחמנות צו זיך, צו אירע יונג־מיידלשע יאָרן. אַ געוויין, אַ ספּאַזמאַטישס, אַ געוויין אַן אונטערדריקטס, פאַר דער גאַנצער צייט אין לאַגער, האָט זיך געריסן און געשטיקט; צופאַלנדיק צום טוי־באַדעקטן־גראָז, אייניורנדיק דאָס פּנים דאָרט, האָט זי אָנגעהויבן פאַרשטיקט צו כליפּען:

— „מאַ־מע... אוי... מאַ־אַ־מע!..״

ווען זי האָט זיך גוט אויסגעוויינט, האָט זי אָנגעהויבן אַרומזוכן מיט די אויגן עפּעס מיט וואָס צו שטילן דעם הונגער. בלעטלעך זיסנקע, „טשאַווע״ ווייניקע, האָט זי געקייעט און זיך געקוויקט מיט זיי; די בליענדיקע שיינקייט פון דער עסטאָנישער נאַטור, האָט פייגעלען אביסל אָפּגעפרישט און אויפגעלעבט; אַ וויי־געשריי האָט זיך געריסן: „ווי שיין די פרייהייט איז!״ — ערשט איצט האָט זי דאָס געקענט באַגרייפן.

פון צווישן די גראָזן, אויף אַ הויך, דין שטענגל, האָט צו איר אַ ווונק געטאָן אַ העל־רויטע מאָן־בלום, פון די זעלבע, וואָס אויף דער לאָנקע לעבן זייער גאָרטן! — די זעלבע מאַרגאַריטקעס פון וועלכע זי פלעגט זיך אַ קרוין פלעכטן און אָנטאָן אויף די צעלאָזטע האָר!

אינסטינקטיוו גיבן אירע הענט אַ טאַפּ דעם אָפּגעראַזירטן קאָפּ. מיט שרעק באַטראַכט זי דאָס אומגעלומפּערטע לאַגער־קלייד אויף זיך, מיט די נומערן, ווי זי זאָל עס ערשט איצט דערזען אין זיין גאַנצער גרייזלעכקייט. זי הייבט אָן

קריכן שנעלער, אַלץ שנעלער, ווי וועלנדיק אַנטלויפן פון דער שווידערלעכער ווירקלעכקייט. אָבער איבערן וועג, גאָר נאָענט, טונקט זיך אין גרינס אַ ווייס געקאַלעכטע הייזל, מיט וואַזאָנעס און רויטע קווייטן אויף די פענצטערלעך. אָט האָט זיך דאָרט באַוויזן אַ זאָרגלאָז קינדעריש קעפל און אַן אַלטיטשקע איז צוגעקומען.

די לעצטע איבערלעבונגען האָבן שוין אויסגעלערנט פייגעלען צו האַנדלען שנעל, אויסנוצן יעדער גינסטיקע געלעגנהייט פאַר זיך. אין איין מינוט איז זי אויף די פיס און באַלד שטייט זי שוין ביים געפּאַרבטן טויערל מיט אַן אויסגע־שטרעקטער האַנט, מיט דער צווייטער אָנווייזנדיק אויפן מויל, און די אויגן בעטלען רחמנותדיק: „עסן!"

די אַלטע האָט זיך דערשראָקן, נישט פאַרשטייענדיק פון וואַנעט עס האָט זיך פּלוצים אַהער גענומען אַ־אַ מין אָנשיקעניש. האָט זי אַ שלעפּ געטאָן דאָס קינד און פאַרקלאַפּט דעם לאָדן.

מיטן קלאַפּ פונעם לאָדן האָט פייגעלע דערפילט אין זיך די לאַגער־שקלאַפן, זיך דערזען אונטער די שטעכיקע דראָטן, דערזען ארום זיך די בריגאַדירשעס, די אויפזעער מיט קאַנטשיקעס פון אָקסענער פעל און שפּירהינט, — יענער גאַנצער גיהנום האָט איר ווי אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ, זי אָנגעהויבן טרייבן. — ווּהין?... וווּהין קען זי אַזוי לויפן?... אפשר וועט זי באַוויזן אָנצויאָגן די צוריק גייענדיקע פאַרטיע און אומבאַמערקט קענען זיך אַריינכאַפּן מיט זיי צוריק אין לאַגער. איבערן גאַרטן־פּלויט, האָט איר אויסגעזען דער וועג פון דער באַן נענטער. בעת׳ן אַריבערשפּרינגען, האָט צו איר פון צווישן די ציִענדיקע בלעטער אַ קוק אַרויס געטאָן אַ גרין אוגערקעלע, אַ צווייטס, אַ דריטס... אַזאַ אוצר!

אַרומגעקוקט זיך צי קיינער זעט נישט, איז צום שטאַרקן ווילן פון דער־האַלטן די כוחות, צוגעקומען אַ נייער ווילן — נקמה צו נעמען, צעשטערן, צעברעכן. זי האָט אָנגעהויבן טרעטן די גרינסן, רייסן, פליקן אַלץ וואָס איר איז נאָר געקומען אונטער די הענט און שטופּן אין די קעשענעס.

איר מזל, דאָסמאָל, איז געווען אַ צווייטן יידנס טויט: ווען די פאַרטיע האָט זיך אומגעקערט פון דער באַן, האָט זיך איינעם אַ יידן „פאַרגלוסט" אַראָפּצובייגן זיך אין אַ זייט, — אפשר האָט ער אויך געוואָלט אָפּרייסן עפּעס צו שטילן דעם הונגער. האָט דער וואַך־מאַן דאָס באַמערקט און מיט איין קויל אים אָוועקגעלעגט.

אין געשאַפענעם טומל, האָט פייגעלע זיך געראַטעוועט.

# דאָס פאַרמעגן פון די ווילנער יידן

אין א פארטאָג, ווען די באַגרינטע בערג האָבן זיך ערשט געצייכנט אויפן עסטאָנישן הימל, האָט שוין די ערשטע פּאַרטיע פרויען זיך אומגעקערט פון דער באַן.

די וואָס האָבן געאַרבעט פון יענער זייט באַראַק, ביים איבערשלעפּן שטיינער, האָבן אַלעמאָל געכאַפּט אַ קוק צום טויער און האָבן געשטוינט: אַלע טאָג מאַר־שירן די „פליכטלינגע״ אַריין צו צוויי אין דער ריי, באַוואַכט פון אויפזעער, און דאַסמאָל האָבן זיי אין דרייען און אין פירן געשלעפּט זיך מיט גרויסע קאַסטנס, מיט אָנגעשטאָפּטע לעדערנע רענצלעך און וואַליזעס; אַנדערע האָבן נאָכגעטראָגן אויף די קעפּ היימישע, אין ליילעכער צונויפגעקניפּטע בינטן; מ׳האָט געהאַלטן אין איין אַריינטראָגן אָנגעפּולטע זעק און אויך אָרעמע קלומיקלעך, קלומיקלעך און קלומיקלעך.

ביי טאָג האָט מען געאַרבעט ביים עפענען די קאַסטנס און וואַליזעס און ביים סאָרטירן די זאַכן: טייערע קליידער, זאָרגפעלטיק צונויפגעלייגט, קיין קנייטשעלע זאָל נישט ווערן... זעט אויס זייערע באַזיצערינס זיינען געווען גרייט ערגעץ צו אַנטלויפן. מ׳האָט אַרויסגענומען זיידנס, געשטיקט וועש. צווישן די קליידער זיינען געווען פאַרבאַהאַלטן שאַכטלען צירונג. פון איינעם א שאַכטל, וואָס האָט זיך אין די הענט ווי אַליין אויפגעעפנט, האָט א בלאַנק געטאָן אַן אַלט־פּרענקישע ירושה־בראָש מיט דיאַמאַנטן, ווי פּאַסאָליעס די גרויס.

ביי די אויפזעער האָבן קאַלטע, שטאָלענע אויגן זיך א צונד געטאָן מיט גיריק־חיהשן גלאַנץ, גרייט איינער דעם צווייטן איינצושלינגען!

— „אָוועקלייגן היר! היר.. זאָפאָרט״! — האָט דער עלטסטער באַפעלע־ריש זיך צעשריגן, אָנווייזנדיק אויף א רענצל לעבן זיך.

פון יענע בינטן בעטגעוואַנט, האָט מען אויך אַרויסגענומען: זילבערנע לייכטער, חנוכה־לעמפּלעך, אַלבומען און צעשיטע פאָטאָגראַפּיעס, פאָטאָגראַפּיעס אָן א שיעור; פון א געעפנט האַנט־רענצעלע, האָט אַרויסגעקוקט א ניי פּליושן תפילין־זעקל, אויסגעהאַפּט מיט זילבער־פעדעם און אַ פּעקל כלה־בריוו אויף ראָזע פּאַפּיר געשריבן, מיט א סטענגעלע אַרומגעבונדן...

א גאַנצן שטוים מיט קלומיקלעך האָט מען צונויפגעוואָרפן: פאַרגעלטע טליתים, תהלימלעך און נאָכאַמאָל טליתים, אַזוי ווי מ׳האָט זיי מיטגעכאַפּט אין לעצטן וועג. — — — — — — — — —

צירונג באַזונדער, וועש, קליידער באַזונדער — אַלץ צונויפגעלייגט מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט, איז איבערגעטראָגן געוואָרן אין דער אָפּטיילונג פונעם לאַגער-פירער. די פאַרבליבענע קופּע אַלטע זאַכן, האָט מען די ערשטע צייט צוגעוואָרפן דער יידישער פּאָליציי און שפּעטער פאַר די „פּליכטלינגע".

ביי יענע פאַרשקלאַפטע און אויסגעהונגערטע, האָט דאָס אָרעמע ביסל בלוט אַ זעץ געטאָן אין פּנים. אויך זיי האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן אויף די קליידער, קינדערישע שירצלעך און העמדלעך אויסגעטאָענע פון די קרבנות, איידער מ'האָט זיי אַריינגעשאַרט אין די ברען-אויוונס; מ'האָט זיך געריסן און געזידלט. די זשעדנקייט איז געווען אַזוי גרויס אַז ס'האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי אַלע איבעריקע חושים אין זיי, זיינען אָפּגעטעמפּט געוואָרן.

זיך רויענדיק אין יענע זאַכן, איז איין פרוי, האַלטנדיק אַ קליידל אין דער האַנט, ווי פאַרגליווערט געוואָרן אויפן אָרט. די אַרויסגעזעצטע שוואַרץ-אַפּלען אירע, האָבן זיך איינגעגעסן אין שוועסטערלס שול-אוניפאָרם, מיטן אויסגע-האַפטענעם מאָנאָגראַם.

פון אַ צווייטער זייט האָט אַ שנייד געטאָן די לופט אַ פאַרצווייפלטער „אוי!" — דאָרט האָט אַ מיידל געטוליעט צו דער ברוסט דער מוטערס טערקישן שאַל.

## אַ ווינטער־נאַכט ביים ברענענדיקן אויוון

די באַראַקעס אין „קלאָגאַ"-לאַגער, דער גאַנצער אַרום און אַרום, האָט געזונקען אין טיפן שניי. די זון האָט שוין געהאַלטן אין אונטערגיין און אַ פראָסט האָט גענומען אויף באַנאַכט, אַז די הענט זיינען צוגעפרוירן געוואָרן צו דער טייטשקע אויף וועלכער מ'האָט איבערגעטראָגן די שטיינער. אַלעמאָל האָט אַן אַנדער אָבער אָנגעהויבן שטעכן ווי מיט נאָדלען. איינע די צווייטע האָט שטיל געוואָרנט:

— די נאָז ווערט ביי דיר ווייס... רייב זי גוט איין, ווען נישט וועט זי אָפּגעפרוירן ווערן.

— מיך האָבן אָנגעהויבן שטעכן די אויערן!

ס'האָבן געפעלט געציילטע מינוטן צו פאַרענדיקן די אַרבעט-שעהן. דער אויפזעער איז שוין נישט געווען, האָט מען אָנגעהויבן איינציקווייז זיך אַריינכאַפּן אין דער וואַרעמער שאַפּע, וווּ מ'האָט געטריקנט די צעמענטענע פּלאַטן. דאָרט,

אין דער ריין־אויסגעקערטער שאַפע, האָט שטענדיק אין אויוון געברענט א פריילעך פייערל. אַ מין היימישע געמיטלעכקייט איז בין־השמשותדיק געלעגן אויסגעשפרייט אויפן צונויפגעליגטן האַלץ ביי די ווענט, אויף די זעקלעך צעמענט אקעגנאיבער און האָט געווירקט באַרויקנדיק. אראָפּזעצנדיק זיך, מיט אויסגעשפרייטע הענט ביים פייער, האַלב צוגעמאַכטע אויגן, האָט פייגעלע אין זיך אריינגעזאַפּט די וואַרעמקייט, פילנדיק ווי זי צעגייט זיך מחיהדיק אין די גלידער. עס האָט זיך איר אָנגעהויבן דוכטן, אַז זי איז אין דער היים... גאָר. אויפ־געשטאַנען פרייטיק פאַרטאָג העלפן דער מאַמען איבערמאַכן די חלה, פלעכטן די קוילעטשן... באַלד וועט שוין אויפזידן דער סאַמאָוואַר, וועט מען טרינקען טיי מיט מאַלענע־זאַפּט.. אין צערפולער בענקשאַפט הייבט אָן אויפטויכן אַ ניגון.. און ווער־טער פּאַסן זיך אַריין... שטיל, אַליין שטילער, אַריינגיסנדיק איר גאנצע מיידלשע עלנטקייט אין יענעם ניגון, זינגט זי איבער די זעלבע פּאָר שורות:

„כ׳בין אויפגעשטאַנען באַגינען און דערמאָנען זיך עפּעס געוואָלט
האָט דיין פּנים, ליבענקע מאמע, פאר מיר זיך געמאָלט. כ׳בין —— —״

נאָך עטלעכע „נומערן״ — האָבן זיך די אָנגעפּרוירענע, מידע און הונגעריקע ווי זי, — אויך צוגערוקט און צונויפגעטוליעטע ביים וואַרעמען אויוון האָבן זיי מיטגעהאלטן און טרערן האָבן זיך געגאָסן איבער יונג־אלטע, פארשקווארטע פּנימער. פון קיינעם נישט באַמערקט, איז פּלוצים אויף דער טיר ווי אויסגעוואַק־סן דער אַלטער אויפזעער. דערזעענדיק אים, זיינען אַלע דערשראָקן אָפּגעשפּרונ־גען און זיך אָנגעהויבן כאַפּן צו די טייטשקעס.

„זיצן זי! שטערן זי זיך ניכט!״ — האָט דער אלטער פייגעלען אָפּגעהאלטן. און אַרויפלייגנדיק אַ באַרויקנדיקע האַנט אויף איר אַקסל, האָט ער איבערגעחזרט: „שטערן זי זיך ניכט!״, האָט מען אין שרעק זיך איבערגעקוקט און צוריק אוועק־געזעצט זיך. זי האָט געזונגען אויף באַשטעלונג פונעם דייטשן אויפזעער, געזונגען מיט ציטער און שרעק, אָבער פון די אַרויסגעבראַכטע קלאַנגען האָט סיווי ארויסגעיאָמערט איר ווייטיק און פּיין; סיווי האָט זיך געריסן צום אויסדרוק די איינגעוואָרצלטע שנאה צו די פּייניקער און אונטערדריקער. אויך האָט אַרויסגעזונגען די האָפענונג אויף דער געגאַרטער שעה פון דערלייזונג. — אַזוי האָט זי געזונגען ביז די האָלעוועשקעס אין אויוון האָבן שוין געהאלטן אין אויסברענען; דער לעצטער פלאַם זייערער, האָט נאָך באַוויזן צו פארמוסרן א טרער אין אויפזעערס אויג. — זאָל זיין ער האָט זיך אויך דערמאָנט אין זיין היים? אין דער משפּחה וואָס הונגערט דאָרט, אין דאָרף, אין זיינע זין וואָס זיינען געפאַלן אויפן פראָנט?...

# די יידישע בריגאַדירן

פרידע איז געווען זייער א שיין ווייבל, א בלאָנדע און א שלאַנקע, א פריילעכע און אַ לייכטזיניקע. אירע גרויע אויגן האָבן זיך שטענדיק קעציש געזשמורעט, שטענדיק געווען גרייט צו שמייכלען. אָנגעקומען אין לאגער איז זי מיטן זעלבן טראַנספּאָרט, געשמאַכט און געהונגערט צו גלייך מיט אַלע. פרידען האָט מען נאָך געקענט פון ווילנע: פון אַן אָנגעזעענער פאַמיליע. נאָך דער פאָלקס־שול געלערנט דייטש, ווי די מאָדע איז דעמאָלט געווען ביי באלעבאטישע טעכטער.

בעת דער ערשטער רעוויזיע אין לאַגער, ווען אַן עס. עס.־מאַן האָט זיך נאָכגעפרעגט ווער עס קען דייטש, האָט זיך פרידע געמאָלדן. קענענדיק איבער־זעצן זייערע באַפעלן האָט מען זי באַשטימט אַלס פאַרבינדלערן. שוין ווי אַ פאַר־בינדלערן האָט מען געזען אַז זי פאַרנעמט זיך אויף אַ שלעכטן וועג. די ערשטע צייט האָט מען אויסגעטייטשט: אפשר דער ווילן צו דערהאַלטן איר לעבן און דאָס לעבן פון די אנדערע, אָבער מיט דער צייט האָט דער ווילן גובר געווען אין איר אַלע מניעות און זי האָט אָנגעהויבן זינקען וואָס אַמאָל טיפער. אָט דאָס ווייבל, וועמענס מאַן און עלטערן זיינען אומגעקומען אויפן שווידערלעכסטן אופן, האָט געהאַלטן אין איין „שטייגן": פון פאַרבינדלערן — באַפעלערין, פייניקערין און אונטערדריקערין.

וואָס מער ווילטאַג, וואָס מער איר פנים איז פאַרגאָסן געוואָרן מיט פעטס, זיינען אירע גרויע־אַמאָל שיינע־אויגן, געוואָרן אַלץ פרעכער און אַלץ מער פלעגט זי פייניקן אירע אומגליקלעכע שוועסטער. טויזנט מאָל ערגער איז געווען ווען עס איז זי אַמאָל באַפאַלן אַן אַטאַקע פון געוויסן. אַנשטאָט מילדערן די פייניקונגען, איז זי דעמאָלט צענפאַכיק איבערגעשטיגן אין רשעות די דייטשע אויפזעער. אין דער זעלבער צייט האָט זי אַלץ געזוכט צופרידנצושטעלן אירע „הערשאַפטן" און אַזוי האָט זי זיך אויסגעאַרבעט מיט דער צייט, אַלס לאַגער־פירערן „נומער איינס"...

שטענדיק האָט מען געזען די יידישע בריגאַדירן אין גאַנצן סטרוי: אַנגע־שמינקט, די האָר פאַרדרייט אין לאָקן, געפּאַסטע גאַליפע־הויזן, אַ לעדערנע קורטקע, פינקלדיקע שטיוועלעך; שטענדיק מיטן קאַנטשיק, שטענדיק באַגלייט פון אַ גאַנצער סוויטע: פּאָליציי, קאָמיסאַריאַט, אויפזעער און גלאַט נאָכשלעפּער, וואָס האָבן זיך אַרומגערויעט אַרום איר, ווי פליגן אין אַ מיסט־קאַסטן.

פאַר דער איבערגעגעבענער דינסט האָט פרידע שפּעטער געקראָגן אַ זעל־טענע „באַלוינונג" פון אירע קאָלעגן: ווען די רויטע אַרמיי האָט אָנגעהויבן אַלץ

מער זיך דערנענטערן צו יענער געגנט און די דייטשן האָבן אויפן שווידערלעכסטן אופן ליקווידירט דעם „קלאָאַגא"־לאגער, האָט מען זי פּריווילעגירט: די יידישע בריגאַדירשע איז געווען פון די לעצטע פאַרברענט צו ווערן. איר האָט מען אַליין דערלויבט אָנצוזעגן קלעצער... אַליין זיך אַוועקצולייגן אויסגעצויגן, מיטן פּנים אַראָפּ...

## די לעצטע טעג אין „קלאָאַגא"־לאגער

עס איז געקומען דער צווייטער זומער, מיט גרינס און מיט שמעקנדיקע ריחות; פון אַ יאָר אַרבעט אין לאגער — שלעפן שטיינער, צעמענט און הונגערן — איז פייגעלע שוין געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט, קוים וואָס זי האָט זיך געהאַלטן אויף די פיס. אין אַ פאַרטאָג גייענדיק צו דער אַרבעט האָט זי געפילט אַז די כוחות גייען איר אויס. געפינענדיק זיך אין די מיטעלע רייען, ביים ראַנד פונעם וועג, האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט אין די הויכע גראָזן, פאַרטייענדיק דעם אָטעם. וואָס שפּעטער וועט זיין האָט זי נישט געוואָלט וויסן. — אפשר וועט גאָר פאַר איר קיין „שפּעטער" נישט זיין...

אָפּליגנדיק אַ פּאָר שעה אין גראָז האָט זי אָנגעהויבן קומען צו זיך און אַרויסגעקוקט אויף דער פאַרטיע וואָס דאַרף זיך אומקערן פון דער באַן, אפשר וועט זיך איר איינגעבן אַריינצוכאַפּן מיט זיי אין לאגער. ווען זיי זיינען שוין געווען עטלעכע שפּאַן לעבן איר, האָט זי זיך געגעבן אַ שטעל אויף — און דאָ האָט זי דער וואַכמאַן־דערזען... ווילד ווערנדיק ווי אַ חיה, האָט ער זי אָנגעכאַפּט ביים קלייד און אַ שליידער געטאָן מיט איר צו דער ערד. די פרויען האָבן אָנגעהויבן שרייען: „אַנטלויף! — אַנטלויף!" און זי האָט זיך נישט געקענט אַ ריר טאָן פון אונטער זיינע מערדערישע הענט, ביז זי איז אינגאַנצן אַוועקגעפאַלן.

ביינאַכט, ווען אַלע אַרום זיינען געשלאָפן, און אַ חברטע האָט איר בגנבה צוגעלייגט קאָמפּרעסן צו די אָפענע ווונדן און שטיל זי געוועקט און געמונטערט:

„פייגעלע... טייערע! — הערסט? הער זיך צו וועט דיר צוקומען אַ שטיק געזונט".

ערשט דעמאָלט האָט זי געעפנט די אויגן, זיך אַרומגעקוקט, אָנגעקוקט די חברטע און ביידע האָבן זיך איינגעהערט ווי די באַנאַכטיקע שטילקייט האָט פון מאָל־צו־מאָל אויפגעציטערט פון וויטע באָמבע־אויפרייסן.

יעדער אויפרייס, יעדער ווייטער האַרמאַטן געקנאַל, האָט דעמאָלט געגלעט ווי אַ צערטלעכע מוטערלעכע האַנט, אַריינגעדרונגען אין פאַרצווייפלטע געמיטער,

ווי לירישע מוזיק; יעדער נייער קראַך איז געווען אַן אָנזאָג א פריידיקער, אויף דער נאָענטער גאולה.

די פרויען אויף די נאַרעס אַרום האָבן זיך אויך אויפגעכאַפּט, געטאַרעט איינע די צווייטע:

— „הערסט!?... הערסט!?..."

„משיח קומט! הערסט? — ער איז שוין נאָענט!!"

* *
*

מיטן דערנענטערן זיך פונעם פראָנט, איז אין א טאָג אָנגעקומען א דרינגענדיקער באַפעל צו עוואקואירן די קאָנצענטראַציע-לאַגערן פון עסטלאַנד אין „שטאַטהאָף-לאַגער", נישט ווייט פון דאַנציק.

ווען די ערשטע פרויען פאַרטיעס זיינען אָנגעקומען, האָט דער שטאַטהאָף-לאַגער שוין אויך געהאַלטן זיך אין עוואקואירן. באַלד ביים אַריבערטרעטן יענעם טויער, האָט פייגע שוין געזען, אַז מער ווי א פּאָר טעג וועט זי דאָ נישט אויסהאַלטן. קיין עס. עס.-לייט האָט מען גראָד נישט געזען, נאָר „שטוב-עלטסטע" מיט קאַנטשיקעס אין די הענט. אָן א פאַרוואָס — א שניט מיטן קאַנטשיק, א זעץ מיטן שטיוול. די ערשטע נאַכט האָבן זיי א גיס געטאָן מיט קאַלט וואַסער איבער די שלאָפנדיקע. דאָס איז געווען דער רוף צום טעגלעכן „אַפּעל": שטיין אויף „אַכטונג" פון צוויי באַנאַכט ביז עלף, — ניין שעה אויף די פיס אויסגעצויגן, נישט גערירט זיך. דאָס ערגסטע אין יענע שעהן איז געווען דאָס נישט קענען אויספירן די מענטשלעכע באַדערפעניש.

אַ שיסעלע זופּ איינמאָל אין טאָג — פאַר פיר. פאַר אַ גרעסערן זופּ, זיינען אויף דיר אָנגעפאַלן די „פליכטלינגע" אליין, ווי ווילדע חיות.

די פּאָר טעג אין פאַרניכטונגס-לאַגער, האָט פייגעלען אויף איין מינוט נישט אָפּגעלאָזט דער געדאַנק: שוין! — דאָ איז דער לעצטער עטאַפּ!... — און אפשר?... אפשר עפּעס אַ נס...

און א נס איז געשען — איינער פון יענע נסים, אויף וועלכע מ'האָט אַרויסגעקוקט אין מינוטן פון פאַרצווייפלונג: אַן אייגנטימער פון א געווער-פאַבריק, לעבן האַמבורג, איז אָנגעקומען אין לאַגער אָפּצוקלייבן אַרבעטער-הענט וואָס קענען נאָך אויסגענוצט ווערן. אין יענער פאַרטיע זיינען אַריין פינף הונדערט פרויען, — אַלע יידישע — אַמערסטן פון טשעכן, אונגאַרן און א טייל פון פוילן.

# די געווער־פאבריק

די געווער־פאבריק האָט זיך געפונען אין א פארוואָרפענעם פונקט, הינטער האמבורג. פון איין זייט, האָט זיך די פאבריק געגרענעצט מיט דער פרידלעכער באפעלקערונג: דאָ און דאָרט צעוואָרפן — ווייסע הייזלעך; מ׳זעט פון ווייטנס געזונטע בלוי־אויגיקע גרעטכענס באגיסן אין די אינדערפריען די וואזאָנעס — גלייך קיין מלחמה איז גאָר אויף דער וועלט נישטאָ!... פון דער צווייטער זייט — דער לאגער: ענגע, שמוציקע באראקן פאר די רוסישע געפאנגענע און פאר יידן פון פאַרשידענע, אָקופירטע געביטן.

די „האלע״ נומער צען, ווו פייגעלע האָט געארבעט, איז געווען א לאנגע און איז געווען אויסגעשטעלט מיט פארשידענע סאָרטן מאשינען אויסצוארבעטן קוילן. אלץ איז אין דער „האלע״ געווען אָנגעזאפּט מיט אייל. אָפּארבעטנדיק עטלעכע שעה, איז דער מאקאקאָן, די האָר, די הויט — אלץ איז געוואָרן פעט און קלעפּיק און דער ריח פונעם אייל האָט געאיבלט אויף צו ברעכן. דער קאָפּ האָט זיך געדרייט.

די מייסטערנס און אויפזעערנס זיינען אלע געווען דייטשקעס. אויף יעדן טריט און שריט איז מען באַוואַכט, פאַר אַ מינדסטער אומפּינקטלעכקייט — באשולדיקט אין סאבאָטאזש.

די פרויען באשטראָפן, פלעגט אַ פסיכיש־קראַנקער פריץ, ווען מ׳האָט אויסבראקירט צו שיקן אויפן פראָנט. זיין פייניקן איז געווען אויף א ווילד־סאדיסטישן אופן: אין מיטן דער נאכט פלעגט ער ארויסשלעפּן זיין קרבן און ארומיאָגן זי א נאקעטע, מיטן קאנטשיק, איבערן גאנצן לאגער, ביז אינדערפרי. אזוי, דריי נעכט נאָכאנאנד.

אַזוי האָט מען געאַרבעט: טאָג־שיכט... נאָכט־שיכט... שנעלער! שנעלער!

ווי א שטויבעלע איז מען ארייגעדרייט געוואָרן צווישן די רעדער פון יענער צוואנג־מאשין, פארטויבט געוואָרן פון יענעם גיהנומדיקן גערויש;

מיטן דערנענטערן זיך פונעם פראָנט, האָט די געווער־פאבריק געארבעט אָן אויפהער; די לעדערנע פּאסן ארום די מאשין־רעדער, האָבן געשווינדלט, זיך געדרייט מיט טייוולאָנישער שנעלקייט, אויסשפּייענדיק פון זיך גאנצע בערג מיט קוילן. — — — —

די רויטע אַרמיי, האָט זיך אַלץ דערנענטערט. אין אַ טאָג איז אָנגעקומען א באפעל איבערצופירן די פאבריק טיפער אין הינטערגרונט און דעם יידישן לאגער ביי דער פאבריק טראנספּאָרטירן קיין בערגן־בעלזן.

איז שוין פאר קיינעם מער קיין סוד נישט געווען, אז אין בערגן-בעלזן דערוואַרטן נאָר קרעמאַטאָריעס.

די וועגן זיינען דעמאָלט געווען צעשטערט. די באַן-ליניעס ערטערווייז איבערגעריסן. האָט מען געטריבן צופוס, דערנאָך אין פּי-וואַגאָנען און ווייטער צופוס.

וואָס נענטער צום לאַגער, אַלץ געדיכטער איז געווען דער שאָסיי ווי פאַרזייעט מיט גוססדיקע מענער און פרויען; אויף יענעם וועג פון אומקום, האָט פייגעלע געפונען אַ פערדישע פּאַדקאָווע וואָס ווערט אויסגעטייטשט ווי אַ סימן אויף גליק. האָט זי ביטער געשמייכלט פונעם מזל וואָס וואַרט אויף איר אין בערגן-בעלזן...

## בערגן - בעלזן

דאָס שוידערלעכסטע פון אַלע שוידערן, איז געווען דאָס אַריינמאַרשירן אין טויט-לאַגער; די ערשטע אויפטרייסלונג, וואָס האָט די האָר אויפן קאָפּ אויפגעשטעלט ווי נאָדלען: דער באַרג מיט שיך... שטויסן ברילן... ווייטער צו די באַראַקעס — אַ הויכער קוואַדראַט: מתים, אויסגעקלאַדעוועט מיט דער גאַנצער דייטשער פּינקטלעכקייט... — פיס צו פיס, הענט צו הענט; די נאַקעטע, אויסגעטרוקנטע גופים איינער אויפן צווייטן, האָבן געמאַכט דעם איינדרוק, ווי צענויפגעלייגטע ברעטער און פון איין זייט — אָנגעטשעפּעט אַראָפּהענגענדיקע מענטשלעכע קעפּ. צו די אַלע גרויליקע בילדער, האָט נאָך צוגעשפּילט די גאַנצע צייט אַן אָרקעסטער און האָט געהאַלטן אין איין רייסן די דערשיטערטע נערוון; דער אָרקעסטער האָט נישט אויפגעהערט צו שפּילן... די קרעמאַטאָריעס האָבן נישט אויפגעהערט צו טשאַדן, באַגלייט פון מוזיק...

די באַראַקעס פון וואַנעט מ'האָט אַרויסגעטראָגן די טיפוס-קראַנקע און וועלכע די אָנקומענדיקע האָבן איצט פאַרנומען, — זיינען געווען פול מיט מיקראָבן און מיט אַ מאָדנע טיפּ גרויסע לייז, וואָס זיינען אַרומגעקראָכן אין שטרוי און אויף די ווענט;

אין טויטן-לאַגער איז שוין קיין „אַפּעל" נישט געווען און קיין אַנדערע פליכטן אויך ניט... עסן גיט מען נישט, גיין קענסטו וווּהין דו ווילסט, — די דראָטן זיינען סיי-ווי עלעקטריזירט...

די ערשטע נאַכט אין די באַראַקן איז געווען אַזוי שטיקנדיק, אַז ס'איז שווער געווען אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. ליגן איז נישט געווען ווּ. זיצן — נאָר איינע אויף דער צווייטער. שפּעטער ווען מ'האָט אָנגעהויבן רופן לויט די נומערן,

אויף צו נעמען א „באדע”, איז געוואָרן וואָסאמאָל גראמער... די גערופענע צוריק זיינען שוין נישט געקומען...

פארנאכט האָט דער אָרקעסטער זיך צעשפילט מיט קלאסישער מוזיק. און די אויפזעערינס האָבן אָנגעהויבן טרייבן פון די נאָרעס: „געסט קומען!”

ס׳איז אָנגעקומען אין לאַגער אַן אויסלענדישע קאָמיסיע, באַגלייט פון הויכע געסטאפּאָ־לייט. שפּעטער האָט זיך ארויסגעוויזן, אז הימלער איז אויך געווען צווישן זיי. די געסט האָבן פון ווייטנס געכאַפּט אַ קוק אויף די „פליכטלינגע”, מ׳האָט געזען הימלערן קאָמבינירן, דינגען זיך. ס׳איז ווי געשלאָסן געוואָרן א געשעפט. באלד האָט מען אלע נעכטן־אָנגעקומענע פרויען אָנגעהויבן טרייבן צוריק צו דער באַן.



מ׳פאָרט ווידער אין פאַרמאַכטע וואגאָנען. — וווּהין? אפשר צוריק אין געווער־פאַבריק? די באַן האָט אָבער אָפּגעיאָגט אויף נישט געשעדיקטע רעלסן א גאנצע נאכט — הייסט עס א צווייטער וועג. נאָך א טאָג, נאָך א האלבן טאָג האָט די באַן אָפּגעיאָגט און ענדלעך געבליבן שטיין נישט ווייט פון אַ סטאַנציע. מ׳האָט אַביסל צערוקט די טירן. אַלע האָבן זיך אַ שטופּ געטאָן נענטער צום ארויסגאנג.

דערזעענדיק לעבן די רעלסן א קיילעכדיק טונקל שטיק, וואָס האָט איר אויסגעזען ווי אַ שוואַרץ ברויט, איז פייגעלע מיט איין שפּרונג שוין געווען אונטן און אַ כאַפּ געטאָן אַ פאַרקיילעכטן שטיין... די וואך, דערזעענדיק דאָס טראַגי־קאָמישע בילד, האָט אויסגעשאָסן מיט אַ פרעך געלעכטער און דאָס הונגעריקע מיידל, פאַרשעמט און דערשראָקן, איז צוריק אַרויף אין וואַגאָן.

דאָס וואָס די דייטשן האָבן גאָר געלאכט און נישט געשאָסן, האָט ארויס־גערופן ביי די פרויען אַ פאַרווונדערונג:

— „זיי האָבן גאָר געלאַכט, די רוצחים!.. נישט געשאָסן? עפּעס קומט דאָ פאָר!”

אבער באלד האָט דער לאָקאָמאָטיוו זיך נאָכאמאָל צעדעמפּן מיט שווארצע קנוילן רויך, די באַן האָט ווידער אָנגעהויבן יאָגן שעהן נאָך שעהן און דערנאָך אויפסניי זיך צעברילט מיט א פייפעריי, אָנזאָגנדיק וועגן א צווייטער נאָענטער סטאַנציע. איינע אַ טשעכישע פרוי, אַרויסקוקנדיק פון צווישן די וואַגאָן־ברעטער, האָט פּלוצים אָנגעהויבן שרייען נישט מיט איר קול:

— „א פאָן!... איך זע אַן אויסלענדישע פאָן!!״

ס׳איז געוואָרן אַ טומל, אַ שטופעניש, מ׳האָט זי פון דאָרט אַוועקגעשלעפּט, און אַ צווייטע האָט אָנגעהויבן שרייען, אַז זי זעט אויך... זי זעט אַ דענעמאַרקישע פאָן!...

ס׳איז געוואָרן אַן איבערקערעניש: מ׳האָט דערפילט אז עפעס קומט דאָ פאָר אַן אויסערגעוויינלעכע געשעעניש. דערווייל האָט די באַן זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז אָפּשטעלן, די טירן האָט מען צעפּראַלט און אין פאַרשטיקטן קבר האָט מיטאמאָל א זעץ געטאָן מיט פרישער לופט, מיט א לעבעדיק געמיטלעכן הוהא פון פרעמד־שפּראַכיקע בירגער.

_ לעבן וואָקזאַל, האָט געפלאַטערט באַגריסנדיק, די דענעמאַרקישע פאָן, א רויט־בלויע מיט שטערנדלעך:

— „דענעמארק!!״

אקעגן די אָפּגעשטעלטע פי־וואַגאָנען, איז געשטאַנען אַ לוקסוס־באַן פונעם שוועדישן רויטן קרייץ; אוניפאָרמירטע, שמייכלענדיקע קראַנקן־שוועסטער, האָבן די „פליכטלינגע״ געהאָלפן אויסשטייגן... גרויסע קריגן מיט מילך האָט מען פאר זיי אָנגעגרייט! שפּייז־פעקעלעך אין בליאסקענדיקן סאַלאָפאַן־פּאַפּיר, האָט מען אָנגעהויבן אויסטיילן. — גאָט אין הימל! וואָס קומט דאָ פאָר?!... איז דאָס נאָך איין חלום פון יענע אָפּנאַרערישע לאַגער־חלומות? — אָבער ווער האָט עס צייט, און ווער וויל זיך עס פאַרטראַכטן... פייגעלע גיט אויך א פליק אוועק דאָס שיינע פּאַפּירל און שלעפּט ארויס עטלעכע רייפטלעך ווייס, שמעקנדיק ברויט מיט פּוטער...

— „כאַפּ נישט! — האָט זי צוריק געהאַלטן, ווי דער מאַמעס האַנט אַזן געוואָרנט: וויפל איז שוין אז דיינע קישקעס ווייסן נישט פון קיין פעטס? עס נישט מיטאמאָל״. האָט זי גענומען אָפּקרישלען קליינע שטיקלעך און פאַרזיכטיק צעקייען.

די וואָס האָבן זיך צוגעכאַפּט צום עסן מיטאמאָל, האָבן זיך שפּעטער געקאָרטשעט אין דרייען פון מאָגן־קראַמפּן און די „גיכע הילף״ האָט נישט אויפגעהערט צו קלינגען.

פאַרנאַכט האָט מען אַלע „פליכטלינגע״ אוועקגעפירט מיט דער באַן פונעם רויטן קרייץ, צו א ים־פּאָרט און פון דאָרט קיין שוועדן.

# דער ערשטער מאָלצייט אויף דער שיף

יענע שיף איז געווען א גרויסע, מיט אלע באַקוועמלעכקייטן, ווי פאר פיין־דערצויגענע מענטשן; אָבער די פּאסאזשירן האָבן אָנגעוואָרפן א שרעק. — אזעלכע האָט נאָך די שיף־מאַנשאַפט נישט געזען: שקלאַפן אויסגעקויפטע פונעם נאַצישן גיהנום, אויסגעהונגערטע, אָפּגעריסענע, וועמען דער מענטשן־פריינד בערנאַרדאָטע, האָט געפירט קיין שוועדן. זיי, די געוועזענע שקלאַפן, האָבן שוין פון לאַנג געהאַט פאַרגעסן און אָפּגעוווינט זיך פון באַנוצן עס־געשיר, פון רויק צעקייען א ביסן.

ווען דער קעלנער האָט זיך באַוויזן, דאָס ערשטע מאָל אין ווייס־געפּרעסטן רעקל מיטן אויסגעקניפּטן שלייפל ביים קאָלנער, אויף צו באַדינען די „פּאסאַזשירן", — איז מען אים באַפאַלן פון אַלע זייטן, אז מ'האָט אים שיעור נישט צעקוועטשט... עס זיינען זיך אַזש צעפאַלן די טעלער אויף דער טאָץ, די שיסל זופּ האָט זיך צעגאָסן און צעטראַסקעט אויפן פּאַרקעט־דיל, און די „פּליכטלינגע" — איינע א נאַקעטע איינגעוויקלט אין א דעק, אַנדערע אין ברודיקע שמאַטעס, ווילד־צעשויבערטע — האָבן זיך אַרומגעריעט אין צעגאָסענעם זופּ, געשלונגען הייסע קאַרטאָפליעס און געצויגן לאַנגע לאָקשן אין מויל אַריין.

ווען די אַנדערע קעלנער האָבן דערזען וואָס מ'האָט געמאַכט פון זייער קאָלעגע, האָבן זיי דערשראָקן געלאָזט זיך לויפן צוריק אין קיך אריין, פאַרהאַקנ־דיק הינטער זיך די טיר.

* * *

אין יענע יאָרן פון גרויזאַמע איבערלעבונגען, האָבן זיך אַנטוויקלט פאַרשי־דענע קאָמפּלעקסן, וואָס זיינען ערשט געקומען צום אויסדרוק נאָך דער באַפריי־אונג. ענלעכע פאַלן ווי מיטן קעלנער האָבן זיך איבערגעחזרט נישט איינמאָל און די וועלכע האָבן נישט מיטגעמאַכט דעם היטלעריסטישן גיהנום, האָבן נישט געקענט און אפשר נישט געוואָלט זיך אריינטראַכטן, אז די על־פּי־נס אויסגע־קויפטע פון די קרעמאַטאָריע־פייערן, זיינען נאָך דורכגעזאַפּט מיט יענער שרעק און מיט יענע ליידן; אז די שנאה צו זייערע פייניקער — פאַרדריקט די גאַנצע צייט ווי מיט אייזערנע צוואַנגען — גליעט אין זיי, רייסט זיך צום אויסדרוק. און נישט נאָר צו די דייטשישע רוצחים, נאָר צו דער גאַנצער וועלט, וואָס האָט די אכזריותן איבער זיי פאַרשוויגן. מ'האָט געדאַרפט האָבן דעם גוטן ווילן צו פאַרשטיין, אז די פּיין פון אלע פּיינען, וואָס די אָפּגעראַטעוועטע האָבן אויף זיך איבערגעטראָגן, האָט אין זיי געשאַפן אָן א צאָל קאָמפּלעקסן און עס דאַרף נאָך נעמען אַ צייט זיך אויסצוהיילן פון זיי.

דערפֿאַר איז פֿייגעלע ביי דער מיינונג, אַז אויפֿן גאַנצן ערד־קוגל, געפֿינט זיך נישט אַזאַ טייער לאַנד, אַזאַ גאַסטפֿריינדלעך לאַנד, ווי שוועדן; מענטשן — אַזעלכע גוטע אויפֿריכטיקע און ערלעכע. זי קען נישט פֿאַרגעסן די איבערגע־געבנקייט, וואָס זיי האָבן ארויסגעוויזן צו די פֿארווילדעוועטע און פֿאַרביטערטע לאַגער־פֿרויען. — א באַציאונג ווי צו אייגענע, קראַנקע און נערוועזישע קינדער.

נאָך חדשים היילונג אין א דאָרטיקן שפּיטאָל, האָט מען זי שפּעטער געשיקט אויף דערהאָלונג אין א קוראָרט־שטעטל ביים ים. דאָרט האָט זי ערשט אָנגע־הויבן אויפֿלעבן, ווי עס לעבט אויף נאָך א בייזן געוויטער די נאַטור.
אין שוועדישן שטעטל זיינען איר שפּעטער אָנגעקומען די רייזע־פּאַפּירן, א וויזע און געלט פֿון אייגענע אין בראַזיל.

* *
*

איצט איז פֿייגעלע אין ריאָ דע זשאַניירא, ווו עס האָבן זי אויפֿגענומען: דער היגער, שטענדיק־בליענדיקער זומער, די פּראַכטפֿולע פּליאַזשע, די באַגרינטע בערג און הימלקראַצערס; זי איז ארומגערינגלט מיט משפּחה־וואַרעמקייט, און דאָך... דאָך לעבט נאָך אין איר יענער גרויל.

זי קען זיין אויף אַ חתונה, באַהערשט ווערן מיט יענעמס פֿרייד, אָבער, זאָל זי נאָר דערזען א קלייד אין ווייס־שוואַרצע פּאַסן, אזוי לעבט אויף אין גע־דאַנק דער לאַגער, די עס־עס־לייט מיט זייערע שפּיר־הינט.

פֿאַרבייגייענדיק אַ בוי־ווערק, הערנדיק דעם גרילצנדיקן גערויש פֿונעם טאַרטאַק (זעג־מאַשין) שטעלן זיך איר באַלד פֿאַר די אויגן יענע אָנגעזעגטע קלעצער אין „קלאָאַגאַ"... די ברענענדיקע מענטשלעכע שייטערס אויף זיי...

דעמאָלט בלייבט זי שטיין, ווערט בלייך ווי די וואַנט און טראַכטן, טראַכט זי:

— איז מעגלעך מ'זאָל דערלאָזן נייע, ברענענדיקע שייטערס!?...



א קליין עלעקטריש לעמפל, הארט ביי דער סטעליע, ארומגעפלאכטן מיט דראט, האָט געצייכנט אויפן צעמענטענעם דיל קאָנטורן פון דרימלענדיקע מענטשן־סילועטן; געהילט די פארשימלטע קעלער־ווענט און די געדיכט־פאַרגראַטעוועטע טיר אין געלע שרעקנדיקע שאָטנס.

אויף די אייבערשטע ·שטאָקן פון דער צענטראַל־פּאָליציי, האָבן זיך אַלעמאָל אָן עפּן געטאָן טירן און באַלד ווידער פאַרקלאַפּט; פון ערגעץ האָט אָן אלט־פרענקישער זייגער אלע פופצן מינוט געהאלטן אין איין אויסקלינגען א מאָדנע מעלאָדיע, וואָס איז לאנגזאם און טרויעריק געבוירן געוואָרן, זיך געלאָשן און פארגאנגען ערגעץ אין א וויטן יאָמער־געקלאג.

פּלוצים האָבן זיך דערהערט טריט איבערן קאָרידאר, זיי האָבן זיך דערנענטערט, אָפּגעשטעלט. א שליסל האָט אָנגעהויבן סקריפּען אין א נאָענטער טיר, עמעצן האָט מען דאָרט אָנגעהויבן שלעפּן, שלעפּן מיט געוואלד. ס'האָט זיך געהערט דאס ראנגלען און קלאַמערן אין די גראטעס. אויך אהער איז מען צוגעקומען. דער נאכט־וואכטער, אריינוואַרפנדיק א טעמפּן, פארשלאָפענעם בליק, האָט גענומען פּלאָנטערן מיט דער צונג ביים ארויסלייענען פון א פּאַפּיר דעם יידישן פאמיליע נאמען:

— איציק — זאָן — סאָלאָמאָן! — ארומזוכנדיק מיט די אויגן, האָט ער א ברום געטאָן — אויף דער גאס!

ביי די ארעסטירטע איז דאָס בלוט פארגליווערט געוואָרן: מ'האָט שוין געוווּסט וואָס עס מיינט „אויף דער גאס” אין א שפּעטער ביינאכטיקער שעה. שלומקע האָט זיך אויפגעשטעלט, דערשטיקנדיק אין זיך א זיפץ. ער האָט אויסגעצויגן שטייפער דעם קערפּער, ניט ארויסצווייזן ווי עס ציטערן ביי אים הענט און פיס. די אָנוועזנדיקע האָבן אנגעהויבן פראטעסטירן. אויך פון די נאָנטע אָפּטיילונגען און באַזונדערע צעלן, פון פארשידענע זייטן דורכן קאָרידאָר, פון די הויכע פארגראטעוועטע פענצטערלעך, האָט זיך געטראָגן א סאָלידארי־

זירונג, אויסגעדריקט אין קלאַפּן אין די טירן, דראָענדיקע געשרייען. דערנאָך האָט זיך דער פּראָטעסט פאַרייניקט אין געזאַנג, וואָס האָט באַגלייט שלומקען ביז אַרויס צום טויער.

אין דרויסן האָט געוואַרט אַ פאַרמאַכטער וואָגן, וווּהין מ׳האָט שלומקען אַריינגעשטויסן און פאַרבונדן די אויגן. צוויי „פּיראַויגנדיקע״ האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי די זייטן און אַ דריטער האָט אָנגעהויבן טרייבן דעם וואָגן.

אַרויספאָרנדיק איבער צענטראַלע גאַסן, האָט מען אָפּט פאַרקערעוועט אויף זייטיקע וועגן און ווידער אַרויסגעפאָרן אויף גליטשיקן אַספאַלט, געיאָגט, ווי פון שדים געטריבן, איבער לאַנגע גאַסן, וווּ עס איז געוואָרן פרישער. עס האָט אָנגעהויבן פאַרבלאָזן מיט געזאַלצענער פייכטקייט פונעם ים.

שלומקע איז צוערשט געזעסן אין אַ מין פאַרטשאַדעטן צושטאַנד. וואָס ווייטער האָט ער אָנגעהויבן באַגרייפן צו וואָס מ׳פירט אים. ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין חבר טאָביאַס וואַרשאַווסקי, ווי מ׳האָט אים אַרויסגעפירט אויף „גאַוויע״ און פאַרפייניקט צום טויט. דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבן האַסטיקער זעצן, אין קאָפּ ווי מיט העמערלעך קלאַפּן; ס׳האָט אים אונטערגעטראָגן פונעם פלאַץ און יעדער אבר אָנגעשפּיצט, האָט זיך געריסן צום לעבן, געפאָדערט רעטונג; אָבער די מאַשין האָט אַלץ געיאָגט, היטער האָבן געוואַכט, די אויגן פאַרבונדן — האָט אַ שווידער, ווי שלענג גענומען זיך וויקלען אַרום זיין יונגן קערפּער; דאָך האָט דער געדאַנק געפּראַוועט מוטיקן: „וואָס איז? ...איינמאָל שטאַרבט מען... דער עיקר — קענען אויסהאַלטן דעם לעצטן עקזאַמען ...חלילה קיינעם ניט מיטשלעפּן.

דורך די פאַרבונדענע אויגן האָט ער נאָר געקענט אונטערשיידן ווען מ׳איז איבערגעפאָרן פון העל־באַלויכטענע גאַסן אין טונקעלע הינטערגעסלעך. האָט ער אָנגעשפּיצט זיין גאַנצן געהער אויפצוכאַפּן יעדן אַרומיקן קלאַנג, געפּאָרשט דעם פאַרקער פונעם וואָגן, געציילט די גאַסן... אַ פאַרביישלעפנדיק וועגעלע און דער קלאַנג פון צונויפגעשלאָגענע פלעשער מילך, האָט אָנגעזאָגט, אַז עס דאַרף שוין זיין אַרום פיר אַזייגער. דעמאָלט האָט שלומקע דערהערט ווי איינער פון זיינע „באַגלייטער״ האָט אָנגעהויבן כראָפּען. דער צווייטער האָט פאַררויכערט און געצויגן דערביי אַ פוילן גלייכגילטיקן גענעץ.

שפּעטער האָט דער שאָפער פאַרקערעוועט אויף אַ זאַמדיקן וועג. ערטערווייז האָבן אונטער די רעדער זיך געבראָכן טרוקענע צווייגן, געשורשעט בלעטער, און די מאַשין האָט מיט אַ פייפנדיקן גרילץ זיך אָנגעהויבן אָפּשטעלן.

„פיראָויגנדיקע״ האָבן שלומקען אָפּגעבונדן די שמאַטע פון די אויגן און באַפוילן נאָכצוגיין. באַמערקנדיק ניט ווייט א פּאָר פּויערישע הייזלעך, האָט מען געטריבן ווייטער און פאַרדרייט אויף א זייטיקער סטעזשקע, פאַרוואַקסן פון ביידע זייטן מיט הויכע גראָזן. די פּאָליציי־לייט האָבן צווישן זיך א שמועס געטאָן מיט די אויגן און איידער וואָס איז פון הינטן געקומען דער ערשטער שניט אין דער פּלייצע און מיט אַזאַ קראַפּט, אַז שלומקע, א צעטומלטער, האָט א שפּרונג אָפּ געטאָן; קריגנדיק באַלד דעם צווייטן איז ער אַוועקגעפאַלן צווישן די גראָזן.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די עקזעקוציע.

שלומקע האָט זיך שוין מער ניט געווערט, ער איז געפלויגן אונטערן געקניפּטן גומען פון איינעם צום צווייטן ביז די פּיס האָבן זיך אָנגעהויבן אונטער־האַקן און אַלץ אַרום — די חיהשע צעווילדעטע פּנימער, דאָס פּרעכע געלעכטער פון די פּייניקער, אַלץ האָט אין פייערדיקע פונקען געגומען אַרומשוועבן, די ערד אונטער זיך זינקען.

פונעם שלעפּן און רייסן, ווען ער האָט געעפנט די אויגן, האָט מען אים א וואַקלנדיקן אַוועקגעשטעלט. דער, וואָס האָט אים אונטערגעהאַלטן, האָט אַזאַג געטאָן, כלומרשט מיט רחמנות:

— הע סאַלאָמאָן! כ׳האָב געמיינט ביסט קליגער. — זעסט ניט, אַז דו האַלסט זיך שוין קוים אויף די פּיס — ווער איז שולדיק? מ׳האַלט אין איין רעדן מיט גוטן און ער... קענסט נאָך איצט אויך זיך העלפן... דערקלער נאָר, אַז דו זאָגסט זיך אָפּ פון דייניקע ביסטו פריי!

„אַז דו זאָגסט זיך אָפּ פון דייניקע״ אָט די עטלעכע ווערטער, ווי א שטאַרק קאַוועלע ניכטערן אוים שלומקען — דאָס וויל ער: גיב זיך אוים און שטעל צו די איבעריקע... אינסטינקטיוו, ווי ניט טרויענדיק דעם אייגענעם מויל, פאַרפּרעסט ער די ליפּן.

— וואָס זשע זאָגסטו? — נעמט יענער פון אים ניט אַראָפּ קיין אויג — ווייסטו גאָר וואָס — ווע׳רט ער נאָכגעביקער — מירן דיר גלויבן אויפן וואָרט: גיי צוריק צו די קאַמעראַדן, אַרבעט מיט זיי ווי ביז איצט און צו אונדז ווייז זיך נאָר פון צייט צו צייט — פאַרשטאַנען? — גיט ער אים וווילוונגעריש א קלאַפּ אין דער פּלייצע — גייסט אַרום מיט די הענט אין די קעשענעס און אַלע חודש: געהאַלט...

און אַז שלומקע האָט גאָר געהאַלטן אין איין קוקן ערגעץ אין א זייט גלייך ניט אים מיינט מען, האָט אין יונג זיך אָנגעצונדן א פייער:

— הע — ע — ע... גוטער ברודער! ביי מיר וועסטן שוין באַקומען לשון, ווען נישט וועסטו פוילן דאָ ווי אַ געפגר'טע נבלה...

ווידער האָט מען געשמיסן מיט גומענע ריטער, געטראָטן מיט די פיס דעם פארשוואָלענעם, צעבלוטיקטן קערפער. די אָדערן זענען אויפגעלאָפן ווי בלויע קישקעס און דאָס האַרץ פון געפייניקטן איז אונטערגעשפרונגען ווי אַ נישט דער־שאָכטן עוף.

שפעטער, ווען יונג לעבן האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן און שלומקע האָט זיך אָנגעהויבן באַוועגן, געפרוּווט עפענען די אויגן, זענען זיי געווען, ווי צונויפ־געקלעפט; דורך קוים אויפגעריסענע שמאָלע פאַסיקלעך, האָט ער געזען ווי פיס דרייען זיך אַרום, און ווי הענט טאַפן אים דעם דופק; מען האָט גענומען שלעפן פון אים דאָס רעקל, שלעפן די אַרבל צוזאַמען מיט די הענט פון די שלעסער. נאָכאַמאָל האָט אָנגעהויבן שווינדלען אין קאָפ, די כוחות פאַרלאָזן. ער האָט נאָר אויפגעכאַפט עמעצנס אַ זאָג:

„פאַר אים בין איך ניט פאַראַנטוואָרטלעך!"

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַ צווייטן מאָל — שפעטער מיט שעהן, צי שפעטער מיט טעג, האָט מיט אים אַ טרייסל געטאָן, ווי עמעצער זאָל אים וועקן. געלעגן איז ער דעמאָלט אויף דער ערד אין אַ קליינער האַלב־פינצטערע צעלע. מיט הענט און פיס האָט ער ניט געקענט באַוועגן. די פינגער — מאָדנע פרעמדע, קרייד־ווייסע, מיט בלויע, בלוט־פאַרלאָפענע פלעקן! די צונג, ווי צום גומען צוגעוואַקסן, די ליפן פאַרטריקנט און אַ העליש פייער האָט געברענט, האָט פאַרצערט דעם גוף און איינאיינציקער פאַרלאַנג האָט געגליט אין די אָדערן:

— וואַסער... וואַסער...

שפעטער פלעגט ער זיך אָפט אויפכאַפן. דער דאָקטער, אַ שוועסטער האָט זיך אַרומגעדרייט, מ'האָט אים שוין געשטופט וואַסער אין די פאַרפרעסטע ליפן. דאָס וואַסער האָט פאַרגאָסן דעם האַלדז, גערונען איבערן לייב... אין די אינדער־פריען האָבן זיך אַמאָל קאַרגע זון־שטראַלן פאַרגנבעט דורכן הויך־פאַרגראַטעוועטן פענצטערל, אַ צערטל געטאָן דאָס איינגעפאַלענע פנים. האָט ער מיט רויט־פיבערדיקע אויגן מיט אַ ווייטן־פאַרוואָלקנטן בליק אַרומגענומען די צעלע; פון הויכער היץ האָט זיין פנים אָפט געביטן דעם אויסדרוק; אָט האָבן זיך די שטריכן ווי איבערגעצויגן מיט אַ שאָטן פון שרעק: ער איז אויפן פאַרהער, דער „פיראָוויגנדיקער" מיט די קעצענע אויגן, וואָס איין אויג זיינס, יאָ איין אויג, שפיזט אים דורך. ער וויל אַנטלאָפן די פאַרבאָרגנסטע סודות זיינע, הייבט אָן דאָס

הארץ ביי אים טיאָכקען: „שלומקע... שלומקע האלט פאַסאָן!" דאָ דערמאנט ער זיך ווי הערשל פלעגט אים לערנען: ווען יענער וויל דיך דורכנעמען מיט די אויגאַטשעס, קוק דעמאלט אראָפּ, אָדער מאך אן אָנשטעל ער זאָל מיינען, אז דו גייסט אים עפּעס דערציילן, געווינסטו צייט און קענסט דערוויל אָפּכאַפּן דעם אָטעם..."

שפּעטער פאַרקרימט זיך זיין פּנים פון פיזישן ווייטיק, טרערן קייקלען זיך איבער די איינגעפאלענע באַקן. אים דוכט זיך ער איז נאָך א קליינינקער צוציק, מ'האָט אים באליידיקט, געשלאָגן, טוליעט ער זיך צו דער מאַמען, וויינט אריין אין איר זיין גאַנצן ווייטיק; דאָס געוויין ווערט וואָס אמאָל געפּרעסטער, שווערער, אנפילנדיק די צעלע מיט א מין פאַרדעמפטן מרוקען. ניט שלומקע, נאָר דאָס בלוט, דאָס הארץ זיינס, דער צעפּייניקטער קערפּער, יאָמערט גרויליק פון ווייטיק, פון טיפער באליידיקונג, פון געשענדעטער מענטשלעכער ווירדע.

שלומקעס צווייאונצוואנציקיעריקער, געזונטער קערפּער האָט געקעמפט מיטן טויט. אין א פאַרטאָג האָט ער געעפנט די אויגן און ארומגעקוקט זיך כמעט מיט א ניכטערן בליק. אין צעלע איז נאָך געווען טונקל. גרויע ליכט פון הויכן פענצטערל האָט געצייכנט דערנעבן א קענדל, קענטיק מיט וואסער. דער קראַנ־קער האָט געמאכט א פּרווו זיך צושארן, אָבער דער קערפּער איז געווען ליימיק־שווער, ער האָט געוואָלט אראָפּביִיגן דעם קאָפּ א לעק צו טאָן דעם פייכטן צעמענט און ניט געקאָנט.

און מערקווירדיק — נאָך טעג פון הויכן פיבער, האָט אין דעם פאַרטאָג, דער מוח ביי אים אנגעהויבן נאכאמאָל ארבעטן קלאָר; ארומקוקנדיק זיך האָט ער באנומען ווו ער געפינט זיך, וואָס מיט אים איז פאַרגעקומען. די ערשטע דערמאָנונג: ווי מ'האָט ביי אים געפונען די „אונטערערדישע" טיפּאגראפיע... ווי זיין ווייבל איז אים נאכגעגאנגען און דאָס דריי־יעריקע יאטל זיינס האָט געוויינט, זיך געקלאמערט מיט אלע כוחות אין זיינע פיס און נישט געלאָזט אים אוועקפירן...

שלומקעס אָפּגעשוואַכטע נערוון הייבן אָן שוין אַרבעטן צו האַסטיק: וועבן דערינערונגען, בילדער, איין בילד נאָכן צווייטן; פון שוואכקייט דרימלט ער איין. אָבער דער אונטערבאוווסטזיין ארבעט ווייטער: ער איז אין דער היים, אין ליטווישן שטעטל, א בר־מצוה בחורל, וואָס לערנט זיך שוין ביי א שערער, ס'איז א פראסטיקער שבת בייטאג, ער שפּאצירט זיך לעבן קלויסטער אין די „נייע" הויזן, וואָס די מאַמע האָט איבערגעניצעוועט, אין טאַטנס פּיזשאַק און קנאַקט געפּראשעטע דיניע־קערלעך און זיי ברענען אויפן הארצן! אוי ברענען זיי!

און אַט ליגט ער גאָר אין קיך אויף דער לאַנגער באַנק. ס׳איז אים היים! אי היים, אי קאַלט... און די מאַמע וועקט ער זאָל אויפשטיין צו דער אַרבעט, געקומען שפּעט פונעם אָוונט־קורס, קען ער די אויגן ניט אויפרייסן און ברעכן, ברעכט אים יעדער אבר... אַבער דערמאַנענדיק זיך אַן דער נעכטיקער לעקציע וואָס אַ דאַנק איר האָט זיך פאַר אים געעפנט אַ פענצטערל, און אין גאָר אַן אַנדערע וועלט, גיט ער אַ שפּרונג אַראָפּ צום פענצטער, פאַלט צו צו דער פאַרפרוי־רענער שויב און נעמט דאָרט אויסהויכקען אַן „אייגל" — און וואָס גיט אַזוי אַ בלענד פאַר זיינע אויגן? — אַזאַ ליכט אַ זוניקע שטראַליקייט, וואָס פאַרגיסט אים מיט פרייד... גלייכצייטיק מיט דער זוונג הערט שלומקע, ער הערט: עמעצער איז שטיל, אויף די שפּיץ פינגער אַריינגעקומען אין צעלע, עמעצער באַנעצט אים די ליפּן, שעפּטשעט אין אויער:

„חבר!... שטאַרק זיך חבר!" דאָס האַרץ זיינס הערט אויף קלאַפּן. ער פילט עמעצן לעבן זיך. אַ האַנט אויפן שטערן... אַ פרויען־גלעט — און נאָכאַמאָל: „חבר!".

שלומקע האָט מורא אָפּצועטעמען, ער האָט מורא צו עפענען די אויגן און דאָס פילזאַגנדיקע וואָרט, דער צאַרטער קלאַנג אין וועלכן ס׳איז אויסגעדריקט, פילט ער עס צעגיסט זיך אים ווי אַ היילנדיקער באַלזאַם, שטאַרקט און העלפט אים קומען צו די כוחות.

די שפּעטערדיקע זון־שטראַלן, אַריינכאַפּנדיק זיך דורכן הויכן פאַרגראַ־טעוועטן פענצטערל, האָבן באַגריסט זיינע אויפגעלעבטע געפילן, געפילן גליי־טערטע דורך ליידן און פּיין; און אַ ליבע האָט שלומקע דערפילט אין זיך אויפגיין אַ דערהויבענע, אַ מעכטיקע וואָס קען פאַרווישן אַלע אָוועקגעשטעלטע גרענעצן צווישן ברידער.

דאָרט אין טורמע צעלע, אין יענע מאָמענטן פון העלן ווידערגעבוירן, האָט ערשט שלומקע באַנומען ווי ווירדיק עס איז זיך מקריב צו זיין, כדי אַנדערע — זיין ליאַניע... דער זון זיינער, זאָל קענען געניסן פונעם לעבן און זיך אַנטוויקלען ווי אַ פרייער מענטש.

מיט אַלע כוחות האָט ער זיך גענומען נענטער שאַרן צום קענדל וואַסער.

